דער ניסתּר

# קאָרבאָנעס

(דערציילונגען)

אָ ג י ז
מעלוכע-פארלאג „דער עמעס“, מאָסקווע 1943

# העשל אנשעלעס

(װעגנ אײנעמ א פאל אינעמ איצטיקנ אָקופּירטנ פּױלנ)

## I

העשל אנשעלעס איז געװענ גרױס באװוסט בא דער אינטעליגענצ פונ שטאָט — בא זשורנאליסטנ, ליטעראטנ אא. מ׳פלעג צו אימ אָפּט קומענ פרעגנ מעװינעס שױנ אָפּ פּארטיקער מעשׂאָכע, אונ װענ מ׳האָט פירגענומענ אנ ארבעט, װעלכע האָט געפּאָדערט גענױע װיסנ אינ א געװיסנ געביט, אינ װעלכנ מע האָט אלײנ אונטערגעהונקענ, פלעג מענ בא אימ פּאָרױס שעפּנ יעדיעס, װי אינ א הילפ-בוכ, אינ אנ ענציקלאָפּעדיע.

ער איז געװענ פיל באלאָדנ. כאָטש נאָכ יונג, פונ א יאָר פינפזעקס אונ צװאנציק, אָבער שױנ אזױ װײַט באלערנט אונ באלעזנ, אז ער האָט אױסגעזענ אױכ א ביסל איבערגעלאָדנ. דער קאָפּ, באמ קארק, עטװאָס ארָאָפּגעבױגנ, דאָס פּאָנעמ מער אָפּגעצױגענער אונ בלאסער, װי ס׳פּאסט אפילע פאר אזא, װאָס פּארנעמט זיכ בלױז מיט לערנ-זאכנ, די האָר פונ קאָפּ שױנ היפּש שיטערלעכ, די שלײפנ אײַנגעפאלנ אונ די הױט פונ די הענט אזױ דינ אונ דורכזיכטיק, װי דאָס לײַב פונ א יונגנ אײפעלע, װענ מ׳בלאָזט דעמ צװישנ די פּעדערלעכ.

מ׳דארפּ זאָגנ, אז א שטיק שװערע יערושע האָט זיכ אימ אױכ נאָכגעשלעפּט. ערשטנס, זײַנ מוטער, װאָס נאָכ ליגנדיק מיט אימ אינ קימפּעט, האָט מענ באמערקט, װי ס׳איז אָפּ איר פּלוצלינג אָנגעפאלנ א שװײַגעניש, אונ זי האָט אופגעהערט ענטפערנ אָפּ די װינטשעװאניעס, אָפּ די מאזלטאָװימ, װאָס אײגענע אונ באקאנטע זײַנענ נאָענט מיט זיי צו איר בעט אונטערגעקומענ. זי האָט זיכ גלײַכגילטיק באצױגנ צומ קינד, צומ װיגלינג ניט װי אנדערע מוטערס: האָט מענ איר צוגעבראכט דאָס קינד צומ בעט צומ אָנזױגנ, האָט זי דעמ די ברוסט געגעבנ, ניט — ניט, אלײנ האָט זי זיכ ניט דערמאָנט אונ אָפּט פלעג זי אפילע בעשאסנ זױגנ אלײנ אינ דעמ פארגעסנ אונ זיכ עפּעס װילד פּארטראכטנ.

דאָס שוויַגן האָט אויך נאָכן קימפּעט פון איר ניט אָפּגעלאָזט. פארקערט, האָט זיך נאָך מער געשטארקט און דערגרייכט אזא מאָס־מאדרייגע, אז מע האָט אָנגעהויבן מוירע האָבן איר דאָס קינד צו פארטרויען, זי זאָל זיך אמאָל אזוי ניט פארגעסן, אז זי זאָל דאָס גאָר פון די הענט ארויסלאָזן.

א סוואָרע, אז איינמאָל האָט דאָס טאקע מיט איר געטראָפן, און דעמלט האָט מען זיך גענומען אייצען מיט דאָקטוירים, און אז יענע האָבן זי גוט באטראכט און עטלעכע מאָל איינער מיטן אנדערן אָפּ קאָנסיליומס זיך דורכגעשמועסט, אזוי זיַינען זיי צום אויספיר געקו־מען, אז דאָס קינד דארף מען זען בא איר אוועקנעמען, וויַיל אין אזא צושטאנד איז זי ניט פייִיק אירע מוטער־פליכטן אויסצופילן, און אז זי אליין דארף מען אָפּגעבן אין א געהעריקן שפיטאָל צום היילן.

אזוי האָט מען געטאָן, און ס׳איז ניט אוועק קיין סאך צייַט, אז איר לאגע האָט זיך פארערגערט. זי איז אלץ מער אין זיך פארזונ־קען, זיך אָפּגעזאָגט פון עסן, טרינקען און ניט דערלאָזט, מע זאָל זי אפילע מיט גוואלד האָדעווען, און דער סאָף איז געווען גאָר א שלעכטער. אין איינעם א טאָג, ווען די שפיטאָל־באדינער האָבן ניט באמערקט און פון איר אוועקגעקוקט, האָט זי געקריגן עפּעס א שארפע זאך, א מעסער צי א גאָפּל, מיט וועלכן זי האָט זיך געפּרווט דעם האלדז דורכשטעכן. און אז מע האָט זי יענץ מאָל אָפּגעראטעוועט און איר אויסגעהיילט די ווונד, האָט זי זיך פארטיַיעט אף א צייַט און קלוימערשט ניט געוואָלט קיין שארפע זאכן אין די הענט נעמען און אפילע אף זיי ניט קוקן, ביז א צווייטער גינסטיקער פאל האָט זיך איר געמאכט, און דאָס מאָל האָט זי מיט זיך ענדגילטיק פאר־ענדיקט: זי האָט זיך דעם האלדז ביז טיף און אף טויט דורכגע־שניטן.

דאָס — די מוטער. דער פאָטער, וואָס האָט, זעט אויס, זי שטארק ליב געהאט, האָט זיך די זאך אזוי שטארק צום הארצן גענומען, אז ער האָט געהאלטן אויך זיַין לעבן פאר פארענדיקט. ער איז אומ־געגאנגען א לאנגע צייַט צעמישט, זיך ניט געלאָזט טרייסטן, ניט אויס־רעדן... און ווען, ווי דער שטייגער, האָבן שפּעטער צו אים אין שטוב זיך גענומען אריַינשטעלן שאדכאָנים מיט פארשיידענע פּאָר־שלאָגן, ווי מע קומט אלעמאָל צו א יונגן אלמען, האָט ער ניט נאָר זיי ניט געוואָלט אויסהערן ביזן סאָף, נאָר שוין בא די ערשטע ווערטער אף זיי אָנגעשריגן און זיי פּאָשעט דורכגעטריבן. די שאד־כאָנים האָבן צוערשט בלויז מיט די אקסלען אוועקגעמאכט, מיינענ־

דיק, אַז ס'איז צײַטווײַליק, ווײַל דער צאַר איז נאָך פֿריש; אָבער אַז זיי האָבן נאָכאַמאָל און נאָכאַמאָל געפּרוווט אַרײַנקומען, און יענער האָט ווידער און נאָך מיט מער בייזער אָפּ זיי זיך צעשריגן, האָבן זיי געזען, אַז ס'איז ערנסט, ס'איז ניט געמאַכט און ניט בלויז לעפּאָנעם, און זיי האָבן אָנגעהויבן זשאַלעווען שיך און מער זיך צו אים ניט געוויזן.

ער, דער פּאָטער, האָט זיך אויך פֿון געשעפֿט אָפּגעוואָרפֿן. שטאַמענדיק אַליין פֿון רײַכע עלטערן, וועלכע האָבן אים באַזאָרגט מיט היפּש נאַדן סײַ פֿון זייער צאַד, סײַ אויך פֿון קאַלעס צאַד, און וואָס דאָס האָט מעגלעך געמאַכט, ער זאָל באַלד נאָך דער כאַסענע זיך אַ נעמ טאָן צום גרויס-האַנדל, מיט אויסזיכטן אָפּ גאָר גרויסע רעוואָכים, ווי ס'טוען אַלע רײַכע זײַנ גלײַכן נאָך דער כאַסענע, — האָט איצט, נאָך דעם, ווי דער אומגליק האָט אים געטראָפֿן, זיך באַזײַטיקט און אַרויסגענומען פֿון דעם... ער איז געוואָרן היימזיצער און ניט געוואָלט אויסהערן קיין מוסער ניט פֿון זײַנע עלטערן און ניט אויך פֿון אַנדערע אייגענע, אַז — „וואָסי?.. ס'טרעפֿט... ער איז נאָך יונג און מע דאַרף זיך זען אין די הענט נעמען”... זיך ניט געלאָזט. ער האָט זיך אינגאַנצן אָפּגעגעבן דעם קינד, וועלכן ער האָט אַ מוטער פֿאַרביטן. און וואָס געהער געשעפֿט און שטוב-באַלעבאַטישקײַט, האָט ער זיך פֿאַרלאָזט, ערשטנס, אָפּ זײַנ מעשאָרעס, אָפּ איינעם, דעמלט נאָך אַ יונגן פֿאַרשוין, מיטן נאָמען שאַמײַ, וואָס ער האָט זיך דערוואָרבן אָפּ געטרײַשאַפֿט, ווי אויך אָפּ דער אַם און אָפּ דער דינסט, וואָס איינע האָט מיטן קינד געהאַט צו טאָן, און די צווייטע — מיט דער שטוב.

די געשעפֿטן האָט ער ליקווידירט. און פֿאַרן צונויפֿגעזאַמלטן געלט פֿון נאָך דער ליקווידאַציע האָט ער זיך געקויפֿט אַ גרויס הויז אָפּ אַן אָנגעזעענער גאַס אָפּ פֿאַרנאָסע און אָנפֿירן מיטן הויז, אַכטונג געבן אָפּ דעם, אופֿמאָנען דירע-געלט, רעמאָנט אאַ. — האָט גענומען אָפּ זיך זײַנ לײַב-מעשאָרעס שאַמײַ, וואָס ער איז אים געווען אי באַדינער, אי קאַסירער, אי קימאַט באַלעבאָס אָפּ אַלץ, ווײַל קיין אייגן לעבן האָט ער ניט געהאַט און קיין אייגענע פֿאַמיליע האָט ער זיך ניט געדענקט אײַנצושאַפֿן.

דאָס — דעמלט, ווען דער פּאָטער נאָך יונג און ווען דער אומגליק האָט אים געטראָפֿן. און איצט, ווען מיר דערציילן דאָ, איז ער שוין עלטער מיט אַריבער אַ פֿערטל יאָרהונדערט. ער גייט אַרום שטענדיק אין כאַלאַט און אין די שטעקשיך אין שטוב. צו

די געשעפטנ האָט ער זיכ אַלצ ניט אומגעקערט, כאסענע האָבנ— אויכ ניט. ער איז נאָכ אַלצ באַלעבאָס פונ יענעמ גרויסנ הויז אַפ דער אָנגעזעענער גאַס, ווי אַמאָל. ער האַלט זיכ נאָכ אַלצ ביט זײַנ מעשאָרעס שאַמײַ, וועלכער האָט זיכ, נאַטירלעכ, אויכ ווי דער באַלעבאָס, געעלטערט אונ וואָס האָט זיכ אַזוי אײַנגעלעבט מיט יענעמ, אַז ער טראָגט אויכ די זעלבע קליידער, וואָס יענער, אַמאָל — וואָס פונ יענעמ פאַלט אַראָפּ, אונ אַמאָל אויכ נײַע, פונ אַ מער ביליקערנ שטאָפ, אָבער אינ זעלבנ שניט, וואָס דער באַלעבאָס, געניײט. ער עסט מיט אימ צוזאַמענ, גייט מיט אימ אינײַנעמ אינ באָד אונ אינ פרײַע שאָענ שפּילנ זיי ביידע אַ שטילנ שאָכ באַשטענדיק.

אויכ די שטוב האָט זיכ מיט גאָרנישט ניט געענדערט. די פינפצימער-וווינונג אַפּנ צווייטנ שטאָק פונ אייגענעמ הויז איז, ווי פריער, אויכ איצט רײַכלעכ אויסגעשטאַט. אַ ביסל נאָר דאָס ווייכלעכע מעבל אָפּגעבליאַקעוועט, אַ ביסל אויכ די פאָרהאַנגענ פונ אַמאָל אָפּגעפאָרנ אינ פאַרבנ. אָבער אַלצ איבעריקע, ווי געווענ. אונ דאָס איינציקע, וואָס האָט יאָ עטוואָס געענדערט דאָס פּאָנעמ פונ דער שטוב, איז דעמ באַלעבאָס' אונטערגעוואַקסענער זונ, וואָס צו זײַנ באַנוצ איז איצט אָפּגעגעבנ געוואָרנ דעמ באַלעבאָס' אַמאָליקער קאַבינעט, וועלכנ ער, דער זונ, האָט באַ אַלע פיר ווענט באַשטעלט מיט אָנגעגלאָזטע ביכער-שאַפעס ביז דער סטעליע אַרופ אויבנ אונ וואָס אַהינ קומענ איצט אָפט מיט באַזוכ מענטשנ, מיט וועלכע ניט דער באַלעבאָס אונ ניט אויכ שאַמײַ זײַנ מעשאָרעס פאַרגינענ זיכ ניט קיינ מינדסטע קענטשאַפט צו פאַרפירנ, האַלטנדיק זיכ פונ ווײַט אונ האַנאָע האָבנדיק פונ זונס, העשלס, קענטשאַפט.

זיי קוקנ מיט שכאָלצ אונ איבערנעמערישקײַט, וויאַזוי די באַזוכער טרעטנ אַלעמאָל מיט דערעכערעצ העשלס שוועל אַריבער, דענקענדיק, אַפּאָנעמ, זיכ צו דערוויסנ אונ צו קריגנ באַ אימ דאָס, וואָס באַ אַנדערע איז דאָס ניט צו דענקענ... ס'גרויסט זיכ מיט זײַנ זונ ניט נאָר דער פאָטער, בעשאַס ער זעט, וויאַזוי די באַזוכער קלאַפּנ אָנ אינ דער טיר פונ זײַנ זונ איידל, נאָר אויכ שאַמײַ, וואָס אויכ באַ אימ איז העשל פאַר אַ שטיק זונ פאַררעכנט אונ וואָס אַלע מאָל, ווענ ער זעט דעמ באַלעבאָס אינ זײַנ איבערנעמערישער אונ עטוואָס באַרימערישער געדולע, האַלט ער אימ אונטער אונ באַרעכטיקט אימ זײַנ שטאָלצ מיט אַ זאָג-געבנ דערבײַ: העשעניו, באַלעבאָס, איז קיינ אײַנאָרע, אַ מענטש, וואָס אַנדערע, מאַשמאָעס, דאַרפנ צו אימ אָנקומענ...

דאָס — פון איין זײַט — נאָכעס. פון דער אנדערער זײַט אָבער ערגערט זיי זייער, ווען זיי באמערקן, אז העשל האלט זיך אלץ מער אלטבאָכעריש אין דער פלייצע בייגן און אז דאָס בלאס אויסזען פון זײַן פריִער יוגנט אָן האָט, מיט זײַן עלטער, פון אים ניט אָפּגעלאָזט, זיך ניט אויסגענומען, נאָר פארקערט, זיך מער געשטארקט און אזא שטענדיקער גאסט אף זײַן פּאָנעם געבליבן, אז ווען דער פאָטער טוט אָפּט פארשטעלטערהייט א קוק אף העשלען, אזוי דערזעט ער מיט דערשרעק די גוואלדיקע ענלעכקײַט פון אים צו זײַן מוטער אין יענער צײַט, ווען זי איז מ'ט אים אין קימפעט געלעגן און ווען די געוויסע טרויעריקע שווײַגעניש איז זי באפאלן.

דאָס האָט דעם פאָטער און שאמײַ פיל אנגסט פארשאפט. זיי האָבן זיך אָבער געטרייסט דערמיט, וואָס העשל איז א היים־זיצער און א גרויס-געלערנטער, און פאר אזא איז אייגנטימלעך און ס'פאסט זיך אויך אין קערפּער עטוואָס אָפּגעשטאנען צו זײַן און אין געזונט געמינערט... און נישקאָשע — האָבן זיי זיך געזאָגט, — ס'וועט נאָך קומען א צײַט, ווען העשל וועט מער מיט דער וועלט אין באריר קומען, און דעמלט וועט זיך אים אויך זײַן געזונט ענדערן צום מער געווונטשענעם. — הא, ווי מיינט ער, שאמײַ? — פלעג דער באלעבאָס, ווען זײַן זאָרג וועגן זײַן זון פלעג אים באפאלן, צו זײַן באדינער זיך ווענדן און בא אים א פרעג טאָן.

— יאָ, באלעבאָס, — פלעג יענער דעם באלעבאָס אונטערהאלטן און אים שטיצן אין זײַן טרייסט. אָבער ביידע פלעגן דאָך בא זייער ניט-ארויסגערעדטער און שטיל־אופגעהאלטענער מאָרעשכוירע בלײַבן, און באזונדערס דער באלעבאָס, ווען ס'איז שוין א שטיק צײַט גאָר א שווערער שטיין אפן הארצן געלעגן, טראכטנדיק וועגן גוירל פון זײַן זון.

דאָס איז פון דעמלט, ווען העשל איז איינמאָל עפּעס קראנק געוואָרן און א דאָקטער האָט אים באזוכט. און ווען דער דאָקטער האָט אים אָפּבאטראכט, האָט ער זיך פלוצעם גענומען דערפרעגן וועגן זײַן מוטער, פון וואָס זי איז געשטאָרבן. און אז ער האָט זיך דערוווסט, האָט ער נאָכאמאָל א גאָר-גאָר באאָבאכטנדיקן בליק געוואָרפן אף העשלען. און בעשאס דער פאָטער האָט אים פון דער טיר און פון דער שוועל אראָפּבאגלייט און ווידער און נאָכאמאָל וועגן זונס איצטיקער קרענק זיך געהאלטן אין דערפרעגן, אזוי האָט אים דער דאָקטער דעמלט א זאָג געטאָן: — דאָס איצטיקע איז גאָרניט, סע וועט

פּאָריבערגיין, נאָר דעריקער וואָלט מען דעם זון באַדאַרפט זען היטן פון דערשיטערונגען.

— וואָס הייסט? — האָט דער פאָטער א פרעג געטאָן, וועלנדיק אופקלערן און זיך דערוויסן דעם גענויעם מיין פון דאָקטערס ווער-טער.

— דאָס הייסט, קיינע איבעראַשונגען, קיין דערשרעק, פון וועלכע מ׳פארלירט זיך אמאָל און מ׳קאָן דערנאָך שווער צוריק צו-זיך קומען.

דער פאָטער האָט דאָס פארגעדענקט און פלעג אָפּט ניט שלאָפן פאר מאָרעשכוירע, און אלעמאָל פלעג ער וועלן מיט העשלען וועגן דעם איבערריידן, אז יענער, העשל, הייסט עס, זאָל זיך זען היטן, מאכמעס דער דאָקטער האָט דעמלט און דעמלט דערפאר און דער-פאר געוואָרנט, אָבער ער האָט ניט געוווסט, וויאַזוי צוצוטרעטן צו העשלען מיט אזוינע רייד, ניט געוווסט פון וואָס אָנצוהייבן און צי וועט אים יענער, העשל, גאָר פארשטיין. און העשל אליין האָט, ווײַזט אויס, ניט פארשטאנען, און דאָס איז שוין פאר העשלען גאָר ניט גוט געווען — א סימען, אז ער ווייסט ניט, ווו ער האלט, ווייסט ניט, וואָס ס׳ליגט און ס׳וואַרט אפ זײַן טיר און שוועל אפ אים, און אויב אזוי, קאָן אים דער אומגליק אמאָל טרעפן אומגעריכט, ווען א געוויסע סיבע זאָל דאָ אופקומען און זיך ווײַזן — אזא, וואָס אין מעסוגל ארויסצורופן בא אזוינע, ווי ער, אן אומגליק.

יאָ, נאָר דערווײַל אָבער האָבן זיך קיינע סיבעס ניט געמאכט. דערווײַל איז העשלס לעבן בא זײַן פאָטער אין הויז געפלאָסן, ווי געוויינלעך, אין די אמאָליקע דורכגעלייגטע ברעגעס, אָן ענדערונג. צו דעם פאָטער, וואָס איז פארבליבן אן אלמען, און צו שאמײַ, וואָס איז א באַכער פארזעסן, איז מיט העשלס אונטערוואקסן צו-געקומען נאָך איינער, וואָס לויט אלע סימאָנים, וועט אויך ער פאר-זיצן — מיטן איינעם כילעק נאָר, וואָס העשל האָט זיך פארקנאסט צו זײַן קאבינעט, וואָס דער פאָטער האָט אים צו זײַן באנוץ אָפּגע-טרעטן, און וואָס ער, העשל, האָט אים באשטעלט מיט הויכ-אָנגע-גלאָזטע ביכער-שאפעס ארום אלע פיר ווענט ביז דער סטעליע ארופ אויבן, און וואָס אלעמאָל האָט מען אים דאָרט געקאָנט טרעפן בא לייענען א בוך — אמאָל אן אלטן, וואָס די בלעטער זײַנען פארגעלט און שמעקן מיט צײַט-עלטערלעכן שימל, און אמאָל אן נײַעם, א ערשט צעשניטענעם, פון וועלכן די פארב פון דרוק און פון פריש פאפיר פילט זיך ארויס.

העשל וואָלט, עלטער ווערנדיק, ווי זײַנ פאָטער, שוינ גאנצע טעג אינ כאלאט אונ אינ שטעקשיכ אומגעגאנ, אונ צומ שטילנ שאָכ, וואָס דער פאָטער האָט אָפט געשפּילט מיט שאמײַ, וואָלט א דריטער — העשל, צוגעקומענ, וואָס וואָלט אמאָל געשטאנענ הינטער די פּלייצעס פונ איינעמ א שפּילער, אונ אמאָל הינטער די פּלייצעס פונ א צווייטנ, זיכ ניט ארײַנמישנדיק אונ קיינמאָל קיינעמ אפילע קיינ אייצעס ניט געבנדיק.

מעגלעכ, אז ווענ ס'טרעפט מער ווײַטער גאָרניט, וואָלט ער, אפ אזא אויפנ, אויכ זײַנ שווער שטיקל יערושע איבערגעקומענ אונ דאָס מעגלעכ-קרענקלעכע אינ אימ וואָלט אזוי אײַנגעשלאָפנ, ניט האָבנדיק קיינ סיבע צומ אופוואכנ, ווי די זוימענ פונ געוויקסנ אמאָל, ווענ זיי האָבנ ניט די געהעריקע באדינגונגענ — באָדנ, זונ אונ פײַכטקײַט, צו זייער ווּקס.

אָבער מיטאמאָל האָט יאָ עפּעס געטראָפנ — אונ דאָס איז די מילכאָמע, וואָס האָט אויסגעבראָכנ אינ 1939, אונ בא וועלכער מיר אלע אונ די גאנצע וועלט זײַנענ איצט אײדעס.

II

אז דאָס פאשיסטישע כאַיל איז ארײַנ אינ שטאָט, ווו העשל אנשעלעס האָט געווינט, איז איידער זייער מאכט האָט אײַנגעפירט די נײַע אָרדענונג, איידער זי האָט באוויזנ די יידנ פונ זייערע הײַזער ארויסזעצנ אונ זיי באפוילנ אריבערפאָרנ אינ יענע ערטער, וואָס זי האָט באשטימט פאר זיי — אינ די געטאָ-קווארטאלנ, — האָט זי דערווײַל צעשיקט קווארטירערנ איבער דער שטאָט, אויסצוגעפינענ וווינונגענ פאר אירע מיליטערישע אונ ציווילע פאָרשטייער, פאר אָפיצערנ, באאמטע אא. — ניט אויסגעשלאָסנ אויכ אינ די יידישע וווינונגענ.

אז מ'איז צוגעקומענ צו העשלס פאָטערס הויז, וואָס אפ דער אָנגעזעענער גאס, האָט איינער א שאָכנ, צי מיט א בייזנ מיינ, צי ניט מיט קיינ בייזנ, א ווײַז געטאָנ אפנ באלעבאָס' וווינונג אליינ, ווי אפ דער סאמע באקוועמסטער אונ פאסיקסטער פאר אזוינע לײַט, ווענ מ'דענקט דאָ אײַנצוקווארטירנ.

העשלס פאָטערס וווינונג איז געפעלנ. אונ באלד טאקע האָט זיכ אפ דער פאראד-טיר, אינ אונטערשטנ שטאָק, איינער אַנ אָפיצער באוויזנ, שוינ מיט געפעק, גרייט צו פארנעמענ, וואָס מע וועט אימ אָנווײַזנ. א ווײַלע נאָר האָט ער דאָס געפעק אונטנ געלאָזט, אז דער

סטרוזש, אָדער אַנדערע, זאָלן דערופֿ אכטונג געבן, און אַליין האָט ער אַרופֿ אויבן געשטײַגט, אין צווייטן שטאָק, זען, וואָס מ'האָט פֿאַר אים אויסגעפֿונען.

די וווינונג איז אים געפֿעלן. באַזונדערס העשלס קאַבינעט, ווו ער האָט געדענקט זיך באַזעצן. און באַלד האָט ער אַ באַפֿויל געגעבן, אַז אַליין די באַלעבאַטים זאָלן מיט אים אַראָפּ אונטן גיין, אים העלפֿן דאָס געפּעק אַרופֿברענגען.

ס'האָט זיך, נאַטירלעך, באַלד געוואָלט לאָזן די דינסט. אָבער דער אָפֿיצער, דער קוואַרטיראַנט, האָט מיט דער האַנט אָוועקגעמאַכט: ניין, די דינסט דאַרף ער ניט. — איך, — איז שאַמײַ דער מעשאָרעס אונטערגעשפּרונגען, זיך גלײַך אַרויסגעשטעלט און געוואָלט די דינסט פֿאַרבײַטן. — ניין, אויך דיך ניט, — האָט דער אָפֿיצער אויך שאַמײַס ווילן און באַדינ-גרייטקײַט אָפּגעוואָרפֿן און ניט דערלאָזט. דעמלט האָט זיך אַרויסגערופֿן דער באַלעבאָס אַליין, העשלס פֿאָטער, מיטן אָפֿיצער אַראָפּצוגיין, אָבער אויך אים האָט יענער מיט אַ האַנט ווי באַזײַטיקט: — ניין, דער, — האָט ער געזאָגט, אָנווײַזנדיק אויף העשלען, וואָס איז געשטאַנען בײַ אַ זײַט, עטוואָס מער בלאַס, ווי אַלעמאָל, צוזעענדיק דעם אָפֿיצערס קאָמאַנדע און ניט פֿאַרשטייענדיק, פֿאַרוואָס אַלעמען האָט ער אָפּגעוואָרפֿן און אים, בלויז אים, האָט ער אויסדערווײלט צו זײַן דער טראָג-מעלאָכע.

— פֿאַניע... הער אָפֿיצער... — האָט זיך דערווײַל העשלס פֿאָטער צום אָפֿיצער מיט טאַכנונים געווענדט, — ס'איז מײַן איינציקער זון. ווי ער זעט, דער הער אָפֿיצער, פֿון די ביכער אין זײַן קאַבינעט — אַ געלערנטער, — און דערצו, ווי ער זעט אויך, אַ שוואַכער אין געזונט. איז צו וואָס גראָד דער זון, ווען אַלע אַנדערע זײַנען גרייט דעם הער אָפֿיצער באַדינען און אים די געפֿעליקײַט טאָן מיט גרויס פֿאַרגעניגן.

— אַך, אַזוי, אַ געלערנטער? — האָט דער אָפֿיצער אַ קוק געטאָן אויף העשלען, ווי אויף אַ וואַנץ אָדער אַנדער נישטיקײַט, — נישקאָשע, זאָל ער זיך צוגעוווינען. ער וועט זיך געוווינען נאָך צו ערגערס.

— שנעל! — האָט ער אַ באַפֿעל געטאָן, ווי צו אַ ליאַדע שיק-ייִנגל, צו העשלען און מיט אַ האַנט אים אָנגעוויזן, ער זאָל גיין פֿאָרויס, אַראָפּ אונטן, אָן טײַנעס.

כ'האָט, נאַטירלעך, ניט געהאָלפֿן. ס'האָבן זיך בלויז נאָך דעם, ווי העשל מיטן אָפֿיצער האָבן זיך פֿון דער טיר אַרויסגעלאָזט, אויך אַלע איבעריקע אין שטוב, ווי גרילעמער, זיי זיך נאָכגעלאָזט — סײַ

דער פּאָטער, סײַ שאמײַ דער מעשאָרעס, סײַ אויך די דינסט, פונהינטן גײענדיק — ניט דערפאר, האָט מען געזען, וואָס זיי וועלן דאָרט צוניצ קומען אונ מיט עפּעס העשלען קאָנען העלפן, נאָר גלאט אזוי, ווײַל א בלינדלעכער קויעך האָט זיי אונטערגעטריבן אונ זייערע פיס געמאכט שפּאנען.

דער אָפּיצער האָט, אראָפּקומענדיק, העשלען אָפּ דעם געפּעק אָנגעוויזן. דאָס זײַנען געווען צוויי טשעמאָדאנעס. אײנער א גרעסערער אונ מער שווערער, אונ דער צווייטער א מער לײַכטער. העשל האָט זיך אָנגעבויגן אונ געוואָלט בײדע אין בײדע הענט נעמען, נאָר דאָ האָט דער אָפּיצער א באפעל געטאָן: — ניין! דעם — האָט ער אָפּן שווערן אָנגעוויזן — אין די הענט, אונ יענעם, דעם לײַכטערן — מיט די ציין.

— וואָס? — האָט העשל, שוין א שטיק פריטשמעליעטער פון פריִער, איצט, די לעצטע ווערטער דערהערנדיק, אָפּן אָפּיצער א קוק געטאָן, ניט פארשטייענדיק, וואָס יענער מיינט, אונ מײנענדיק, אז ער האָט ניט גוט געהערט.

— יאָ, ייִד... דעם — מיט די ציין.

א ווײַלע זײַנען אַלע בײַוועזנדיקע ווי פארגליווערט געוואָרן. דער פּאָטער האָט זיך באלד פון אָרט געוואָלט א לאָז טאָן, דעם אָפּיצער צו די פיס צופאלן, בא אים אויסבעטן, ער זאָל צוריק נעמען זײַן באפעל. אויך שאמײַ האָט, דאכט זיך, געוואָלט טאָן דאָס זעלבע. דאָס זעלבע — אויך די דינסט. אָבער דעמאָלט האָט דער אָפּיצער אזא געשריי געטאָן „שנעלער!”, ווענדנדיק זיך צו העשלען, אז יענע אלע האָבן פארשטאנען, אז קיינע טאכנונים אונ צו דער ערד פאלן וועלן דאָ ניט העלפן, אונ אז ווער ס'האָט אויגן אונ קאָן צוקוקן, וואָס דאָ ווײַטער דארף פּאָרקומען, זאָל ער קוקן, אונ ווער ס'איז דאָס ניט אימשטאנד, דער זאָל דעם קאָפּ אָפּקערעווען אונ אוועקוקן.

העשל אליין האָט גאָרנישט ניט געזאָגט, ניט קוקנדיק ניט אָפּן פּאָטער אונ ניט אָפּן באדינער, וועלכע האָבן האלב טויט אויסגעזען, אונ אויך ניט אָפּ דער דינסט, וואָס האָט זיך מיטן פארטעך די טרערן געווישט, האָט ער זיך צום געפּעק אָנגעבויגן, דעם שווערן טשעמאָדאן מיט דער האנט גענומען אונ צום צווייטן, בעיין ברײרע, מיטן פּאָנעם זיך דערנענט... א ווײַלע נאָר האָט מען געזען, ווי דער רוקן קווענקלט זיך אים, זיך אראָפּ אונ אופהייבנדיק, נאָר באלד האָט זיך אויך זײַן רוקן אופגעהערט קווענקלען... אָבער — ווײ די יאָרן...

אָנגעבויגן צום געפּעק האָט זיך איינער א מענטש מיטן נאָמען העשל, און אויפגעשטעלט, דעם טשעמאָדאַן שוין אין די ציין טראָגנדיק, האָט זיך אויפגעשטעלט אַן אַנדערער, א צווייטער שוין, מע קאָן זאָגן, ניט קיין מענטש, אַלנפאַלס, ניט ער.

ווער ס'וואָלט דעמלט אַפּ העשלען א מער אויפמערקזאַמען קוק געטאָן, וואָלט געזען, ווי מיטאַמאָל האָט זיך אים דער בליק געענדערט. זיינע אויגן, אַלעמאָל פון עטוואָס גראָווליכן קאָליר, זיינען איצט ווי גאָר ווייס געוואָרן, גלייך דער מאַמעס מילך וואָלט אים אין זיי געקומען... ער האָט, אַזוי גייענדיק, אין איין האַנט דעם שווערן טשעמאָדאַן געטראָגן און דעם צווייטן, דעם גרינגערן, אין די ציין. א שטילע לעווייע פון אָפּיצער און פון די אייגענע איז אים נאָכגעגאַן. דער אָפּיצער, וואָס איז, ווייזט אויס, געוווינט געווען צו אַזוינס, און אויך, ווי ס'ווייזט אויס, ניט אַזאַ, וואָס זאָל זיך מאַכן מאַכשאָוועס און פּייַיק זיין אָפּצומעסטן די גרייס פון דער דערנידערונג און באַליידיקונג, וואָס ער דערלאַנגט א מענטשן, צווינגענדיק אים צו אַזאַ סאָרט דינסט, — איז נאָכגעגאַן, ווי מ'גייט נאָך א געוויינלעכן געפּעק-טרעגער, וועלכער טראָגט דיר אָפּ אַפּ א געוויינלעכן אויפן דיין געפּעק, — קאַלט, גלייכגילטיק, גלייך ס'געשעט גאָרניט. און העשלס אייגענע, דער פּאָטער, שאַמעס דער באַדינער און די דינסט, וואָס האָט געהאַלטן די גאַנצע צייט אין איין ווישן זיך די טרערן מיטן פּאַרטעך, זיינען נאָכגעגאַן, ווי מ'גייט נאָך א מעס, ווען קיין ווערטער אין כויל זיינען ניטאָ, ווען דער בראָך איז דיר אַזוי גרויס, אַז דו ווייסט ניט, צי דער קאָפּ איז דיינער און צי דיינע אייגענע פיס גאָר טראָגן דיך.

נאָר דאָס אַלץ איז נאָך געווען גאָרניט אַנטקעגן דעם, וואָס שפּעטער, ווען מ'איז אין שטוב אַרייַנגעקומען און העשלען ביז אין זיין קאַבינעט אַרייַנבאַגלייט, איז געשען. אַרייַנקומענדיק אין קאַבינעט, איז העשל מיטן געפּעק שטיין געבליבן, ווי ניט האָבנדיק קיין קויעך אָדער קיין ווילן אים אַרויסצולאָזן, און אַז דער אָפּיצער האָט זיך אָן ווערטער צו אים אַ ווענד געטאָן: „נו”... דאָס הייסט, לאָז אַראָפּ, — איז ער ווייטער אַזוי געשטאַנען.

די דינסט האָט דעמלט צו אים א גיי געטאָן און דעם שווערן פּאַק פון די הענט אַרויסגענומען, און דער צווייטער, וועלכן ער האָט אין מויל געהאַט, איז אים אויך ווייטער געבליבן אין מויל, ביז די דינסט איז ווידער צו אים ניט צו און אויך דעם צווייטן בא אים אוועקגענומען. העשל איז אָבער אויך ווייטער מיט אַן אָפּן מויל גע-

שטאנען — אָפּן אַפּ אַזויפיל, אַפּ וויפל דאָס הענטל פון טשעמאָדאַן האָט פריער באַ אים אין מויל פּלאַץ פאַרנומען.

— מײַן זון! — האָט דער פּאָטער, דערזעענדיק זײַן פאַרגליווערטן אומגליק פאַר די אויגן, צו העשלען אַ גיי געבנדיק, אויסגעשריגן, באַלד אָבער האָט ער זיך צוריקגעכאַפּט, אַ קוק געבנדיק אַפּן אָפּיצער, וועלכער האָט זיך שוין אין קאַבינעט באַלעבאָס געפילט און זיך געוואָלט נעמען צו זײַן באַלעבאַטישקייט, זיך מאַכן באַקוועמלעך, און אָט די פרעמדע מענטשן, דאָס מיינט מען, דער באַלעבאָס, זײַן זון און די איבעריקע, האָבן אים געשטערט.

— העשעניו! — האָט אויך דער געטרײַער מעשאָרעס צום באַלעבאָס' זון אַ גיי געטאָן, אים וועלנדיק דערוועקן און צו זײַן פריערדיקן שטאַנד אים אומקערן.

— מאַרש! — האָט אַ געשריי געטאָן דער אָפּיצער, און העשל האָט זיך ווײַטער פון אָרט ניט גערירט און דעם אָפּיצערס אויסגעשריי האָט, אַפּ אים קיין אײַנדרוק ניט געמאַכט, ער זאָל אים וועלן אויספאָלגן. ער איז אויך ווײַטער אַזוי געשטאַנען מיטן געעפנטן מויל פאַרגליווערט, ביז דער באַלעבאָס און דער מעשאָרעס האָבן, וויינענדיקע, זיך איצט צו זײַנע ביידע זײַטן אוועקגעשטעלט, אים פאַר די הענט אָנגענומען און אים אַרויסגעפירט פון קאַבינעט.

— ווי דעם טאַטן! — האָט העשלס פּאָטער, אַרײַנפירנדיק העשלען אין צווייטן צימער און זעענדיק אַז יענער, העשל, בלײַבט אויך דאָ, ווי דאָרט, אינעם ערשטן, אין קאַבינעט, אַ שווײַגנדיקער און מיטן אָפענעם מויל שטיין, אויסגעשריגן.

— העשעניו, וואָס איז מיט דיר? — האָט דער מעשאָרעס, דעם באַלעבאָס אונטערהעלפנדיק, זיך צעוויינט און איז גלײַך נאָך אַ דאָקטער אוועקגעלאָפן.

ער האָט געבראַכט אַ היימישן — אַזאַ, וואָס פלעג אַלעמאָל דאָס הויז באַזוכן. יענער האָט באַטראַכט, געקוקט, און אַ שווײַגנדיקע אומבאַהאָלפנקייט האָט זיך אַפּ זײַן פּאָנעם אָנגערוקט, ווײַל העשל איז שוין ניט געווען העשל און דער דאָקטער האָט שוין ניט געהאַט מיט וואָס זײַנע אייגענע צו טרייסטן.

אויס!... פון דעמלט אָן האָט העשל שוין ניט געוווּסט, וואָס אַרום אים טוט זיך. ניט געוווּסט, אַז אין אַ שיינעם טאָג, באַלד נאָך דעם, ווי דער אָפּיצער האָט זיך צו זײַן פּאָטער אין וווינונג אַריבערגעצויגן, איז געקומען אַ באַפעל, אַז זיי, די אייגנטימער פון הויז, דאַרפן זיך פון דאָרט אַרויסציִען. מע האָט עס געטאָן און מ'איז

גאָר אין א געמיינער דירע, ערגעץ אין א פינצטערלעכן, אָפּגעלעגע־
נעם קווארטאל, אָנגעקומען.

העשל האָט אויך ניט געוווּסט, אז ער האלט די גאנצע צײַט דאָס מויל אָפן, און אז דער פאָטער אָדער שאמײַ דער באדינער האָדעווען אים, ווי מע האָדעוועט א קינד אָדער א ציטערנדיקן זאָקן, וואָס נייטיקט זיך אין א צווייטנס הילף. ער האָט ניט באמערקט, ווי מע פירט אים אָפּט שפאצירן אין יענעם קווארטאל, וווּהין פיל, ווי זיי, זײַנען אריבערגעקומען אויסגעליידיקטע, אָן געלט, אָן אויסשטא־
טונג און באנומענע ביז די מאלבושים; אָבער דאָך איז דער אומ־
גליק פון זײַן פאָטער פיל גרעסער, ווי בא אנדערע, און יעדעס מאָל, ווען מע האָט געזען דעם פאָטער אָדער זײַן מעשאָרעס פירן אים, העשלען, אפן שפאציר, אזוי פלעגט מען זיך פארהאלטן, קוקן, ווי יענער, העשל, האלט דאָס מויל אָפן, גלײַך ער איז מיט אָט דעם פעלער אזוי געבוירן.

— ווי די יאָרן, — האָט מען אים באדויערט, — אפּ וואָס מע איז איבערגעקומען, אז ווער ווען האָט דאָ באדארפט דאָס געפּעק טראָגן.

— און וויאזוי...

— אוואדע איז פאר אזא מענטשן אזא ביזויען ניט צום אריבער־
טראָגן.

— זאָל מען זיי שוין ארויסטראָגן, — האָט מען זיך שטילערהייט אין פאָלק געוווּנטשן, — אפן אומריינעם אָרט, ווי קעץ און הינט און אלע אנדערע פגאָרים.

העשל האָט ניט באמערקט, ווי דער פאָטער איז פאר א קור־
צער צײַט אײַנגעבויגן און געבראָכן געוואָרן, ארויסגעיאָגט פון זײַן היים, אין דער פרעמד, און דערצו נאָך מיט א קראנקן זון אף דער עלטער.

אויך שאמײַ איז שטארק ארויפּ. ער האָט נאָך דעם, ווי ער מיטן באלעבאָס, מיטן זון און זײַנע פון זייער אײַנגעזעסענער היים ארויסגע־
ריסן געוואָרן, ווי אלע, אָן מיטלען, אָן מאלבושים, און דערצו נאָך ווילד דערנידעריקט, מיטן ספּעציעלן שאנד־צייכן — מיט דער געווי־
סער לאטע, וואָס יידן האָבן, לויטן באפעל, געמוזט טראָגן אפן ארבל, אָדער אפן רוקן, אָדער אף ביידע; נאָך דעם, אז שאמײַ דער מעשאָרעס, וואָס איז צו זײַן באלעבאָס' שטוב שטארק צוגעבונדן געווען, ווי צו זײַן אייגענער, האָט איצט דערזען דעם באלעבאָס אין אזא צאָרע, האָט ער אף זיך גענומען פירן די געמיינע און געקירצטע

באלעבאטישקייט, אפ וויפל דעם באלעבאָס׳ לעצט-געבליבענע מע:ו-מאָנים האָבן אים געקלעקט. ער האָט אויך גענומען אפ זיך העשלען נאָכצוקוקן, ווען דער באלעבאָס, מיד און פון דערשלאָגנקייט שוין אָפּט קרענקלעך, פלעג צו בעט ליגן.

שאמעי איז אויך אראָפּ. ער פלעג שוין אָפּט, ווי אן אויזווערבאָטל, ריידן צו זיך אליין, ניט הערנדיק, וואָס ער זאָגט, און אמאָל פלעג ער, שפאצירנדיק מיט העשלען, א רייד טאָן צו יענעם ווי צו א פארשטאנדיקן. — אוי, העשעניו, — פלעג ער זאָגן, — וואָס דיך און אונדז האָט דאָ געטראָפן... גאָט דער דערבארעמדיקער וואָלט זיך שוין געמעגט ארומקוקן.

העשל האָט דאָס אלץ ניט באנומען. ניט באנומען אויך, ווען אייניקע זיינע אמאָליקע באקאנטע און פארערער, וואָס אויך זיי האָבן זייערע היימען אָנגעווירן, און אויך זיי האָבן, ווי העשל און העשלס מישפּאָכע, אהער, אינעם אָפּגעלעגענעם, פינצטערן קווארטאל ארייַנגעטראָפן, — פלעגן אים באזוכן און מיט גרויס באדויערונג אים קוּמען געווירע ווערן, און אָט די באזוכער פלעגן פאר אים אין פּאָנעם רעדן וועגן אים און זיין געזונט-צושטאנד, ווי וועגן א פרעמדן, אָן זיין אָנטייל.

ס׳פלעג אים ניט אָנגיין, ניט ארן... ער איז נאָך אלץ געבליבן אין זעלבן שטאנד, ווי באלד נאָך דעם, ווען דער אומגליק האָט אים געטראָפן, ווען ער האָט אָפּגעטראָגן און געבראכט דאָס געווויסע געפעק, ווי א הונט טראָגט נאָך זיין באלעבאָס א זאך אין די ציינער — מיט אן אָפן מויל, און אינגאנצן ער, ווי ניט קיין היגער, מיט א פארגליווערטן בליק אין זיינע אלעמאָל גראָוו-קאָלירקע אויגן, וועלכע האָבן איצט באקומען די מארע, ווי בא א זויג-קינד, ווען דער מאַמעס מילך קומט אין זיי.

עמעס, זעלטן-זעלטן פלעג זיך אים דער בליק אויך ענדערן צום בעסערן, צום מער באוווסטזיניקן. אָבער באלד איז ער אים גלאָזיקשטייף געוואָרן און די מילכיקע צעשוומענקייט האָט באקומען אזא דראָענדיקן אויסדרוק, אז מע האָט זיך געקאָנט שרעקן, אז אָט-אָט גייט ער איבער פון שטילשטאנד צו אופגעריסענער ווילדעניש, וואָס איז אפ אלץ פייִק.

דאָס איז פאָרגעקומען אלעמאָל דעמלט, ווען שפאצירנדיק אין יענעם קווארטאל, וועלכער איז באשטימט געווען פאר א וווינ-אָרט בלויז פאר יידן, פלעג ער באגעגענען א מענטשן פון דער פרעמד-אָנגעקומענער מאכט — א מיליטערמאן, אן אָפיצער אין דער זעלבער

קליידונג און פון זעלבן קאָליר, וועלכע ס'האָט געטראָגן יענער, וועלכער האָט מיט אים די געוויסע שפּיל אָפּגעשפּילט און וואָס נאָך איר האָט אים געטראָפן, וואָס געטראָפן.

ווען ער פלעג אזא-אָ אין דער געוויסער אוניפאָרם באגעגענען, אזוי פלעג ער זיך פלוצעם א שטעל טאָן, א צי אויס טאָן, גלייך ער האָט עפּעס אין קערפּער ארייַנבאַקומען אזוינס, וואָס האָט אים שטרענג אָנגעשטאָלט. ער פלעג זיך פאַרהאַלטן און אָפּשטעלן אינמיטן גיין, און יעדעס מאָל האָט ער דעמלט יענעם אין דער האַנט געקוקט, צי טראָגט ניט יענער עפּעס א זאך, וואָס באַלד וועט ער זי אים הייסן איבערנעמען און אים צוהעלפן טראָגן — און ניט נאָר אין דער האַנט, נאָר אין מויל, ווי דעמלט... העשל פלעג דעמלט דאָס מויל עטוואָס ברייטער עפענען.

דאָס האָט זיך געמאַכט זעלטן, ווייַל יענע מיליטערלייַט האָבן דאָ, אינעם אָפּגעלעגענעם קוואַרטאַל, ניט צו טאָן געהאַט. דאָס אָרט — א פאַרשריגנס, און מאַכמעס דער ענגשאַפט, צונויפגעדריקטקייַט און איבערפולקייַט פון דער באַפעלקערונג איז דאָ אויך ניט איבעריק ריין געווען, אז יענע, אז אָנגעזעענע מיליטערלייַט זאָלן אַהער קומען זייער ליידיקע צייַט פאַרברענגען, אָדער ווען אמאָל דאָרט שפּאַצירן גיין. און דאָך פלעג אמאָל אזא איינער יאָ אַהין פאַרבלאָנדזשען. און קומען אַהער פלעג ער בלויז צוליב איין זאך, בלויז צוליב איין ציל: צוליב ניצעכע, דאָס הייסט, צוליב כאַפּן א קוק, וויאזוי זייער פייַנע מאַכט האָט דאָ די פייַנע מעלאָכע אוועקגעלייגט, שאַפנדיק די קוי־טיקע אָרע-מיקלעטס פאַר די, וואָס זי האָט זיי אוועקגעשטעלט אויסער נאָרמע און פון יענער זייַט פון יעדן ארט געזעץ.

ס'האָט זיך געמאַכט, אז העשל האָט איינמאָל, אזוי שפּאַצירנדיק פאַרטראָגן אין זייַן קרענק, אין דער באַגלייטונג פון זייַן אָפּגעקומענעם און דערשלאָגענעם פאָטער, אין דער באַגלייטונג אויך פון שאַמייַ, וואָס איז בא זייַן צווייטער זייַט געגאַנגען, — האָט זיך פלוצעם אָנגעשלאָגן אָפּ א גרופּע מיליטערלייַט, א דרייַלינג, וואָס איז אים פון דער אַנטקעגנזייַטיקער ריכטונג אין פּאָנעם אָנגעקומען.

ס'האָט זיך ווייַטער געמאַכט, אז איינער פון די מיליטערלייַט, געקליידט אין דער זעלבער גרינער אוניפאָרם, ווי אָט יענער, וועלכער האָט העשלען מיט זייַן געפּעק טראָגן באַערט, האָט איצט אויך עפּעס געטראָגן, — ניט קיין גרויסע זאך, וואָס ס'זאָל אים שווער זייַן, ווייַל דעמלט וואָלט ער געוויס איינעם א קוואַרטאַל־אייַנוווינער „אייַנגעלאַדן", ער זאָל דאָס אים נאָכטראָגן, ווי ס'פירן זיך אלעמאָל אזוינע

„לײַט" אין אַזױנע קװאַרטאַלן. נײן, ניט קײן שװערס, נאָר אַ גע־װײנלעכע האַנט־פּעקעלע.

און דאָ האָבן פּלוצעם העשלס פֿאָטער פֿון אײן זײַט, װי אױך שאָמיִ, װאָס איז פֿון העשלס צװײטער זײַט געגאַנגען, באַמערקט, װי העשל האָט זיך מיטאַמאָל אַ לאָז געטאָן צו יענע דרײַ אַנטקעגנדיקע; און אײדער העשלס פֿאָטער און אױך שאָמיִ האָבן זיך באַװיזן אומ־צוקוקן, אַזױ איז העשל שױן צו צו יענעם, װעלכער האָט דאָס פּעקעלע אין האַנט געטראָגן, זיך צו אים מיטן פּנים און מױל אַ בײג געטאָן, װי װעלנדיק דאָס בײַ יענעם אָװעקנעמען... און אַז יענער האָט זיך געװוּרט, זיך אױך אַ ביסל דערשראָקן, זעענדיק, מיט װעמען ער האָט דאָ צו טאָן, און אױך אין קאַעס װערנדיק, װאָס ער, אָט דער דולער, הײבט עס, האָט די האָזע געהאַט אים גאָר אײַנמיטן װעג אָפּשטעלן און פֿאַרהאַלטן און זײַן שפּאַציר אים שטערן; און ער האָט אים געװאָלט אָפּשטױסן, — אַזױ האָט מען פּלוצעם דערהערט אַ װילד געשרײ פֿון יענעם, װי פֿון אַ מענטשן, װאָס מע װאָלט אים מיטאַמאָל הײסן פֿעכ אַפֿן קאָפּ אַ גאָס געטאָן; און אײדער יענעמס באַגלײטער, װי אױך העשלס פֿאָטער און שאָמיִ האָבן זיך באַװיזן אומצוקוקן, אַזױ האָט מען דערזען העשלען אַ צו־ריק אָפּגעשטעלטן פֿון פֿריערדיקן אָנבײגן זיך צו יענעמס האַנט. זײַן מױל איז אים געװען פֿאַרבלוטיקט און אין מױל האָט אים גע־שטעקט אַ זאַך, װאָס ער האָט עס צו שטאַרק און װי צו טײַער מיט די צײן צוגעהאַלטן.

אין יענער רגע האָט העשלס פּנים געלױכטן אי אױפֿגעלעבט, אי פֿול מיט באַזיניקטער האַנאָע, גלײַך ער װאָלט דאָ אָקאָרשט אַרױס אַ זיגער און אַ גרױסבאַפֿרידיקטער פֿון אַן אָפּגעטאָנענער טאַט, אַף װעלכער ער האָט זיך אַלײן ניט געריכט, צי איז ער אַף איר, אַף אָט דער טאַט, גאָר פֿײַיִק.

העשל האָט אין מױל אַ שטיק אָפּגעביסענעם פֿינגער פֿונעם מי־ליטערמאַנס האַנט אין די צײן פֿאַרקלאַמערט געהאַט, און אַן איבער־גרױס גליק, האָט מען געזען, האָט אים װי געטראָפֿן, װאָס פֿאַר דער גאַנצער צײַט, זינט זײַן אומגליק איז אים געשען, האָט ער איצט מיט פֿולער האַנאָע דאָס װיל צוגעמאַכט, — נײן, ניט צוגעמאַכט, נאָר צוגעשלאָסן, — נײן, ניט צוגעשלאָסן, נאָר אַזױ פֿאַרכאַסמעט, אַז מע האָט װידער געזען, אַז אַלע טײַערקײטן פֿון דער װעלט װעלן אים ניט צװינגען דאָס צוריק עפֿענען און דאָס אַרײַנבאַקומענע, דאָס אָפּ־געביסענע, אַרױסצולאָזן.

באלד זײַנענ יענע צוויי, וואָס האָבנ דעם געשעדיקטנ מיליטערמאנ באגלייט, פונ דער ערשטער איבעראשונג, פונ דער פלוצעמדיקײַט פונ אָנפאל אונ פונ זייער כאוועׂרס אויסגעשריי, צו-זיכ געקומענ אונ זיכ באלד פארנ געווער געכאפט. זיי האָבנ איינער פונ איינ זײַט, אונ דער צווייטער פונ דער צווייטער — גענומענ שיסנ אינ העשלענ פונ די רעוואָלווערנ, וועלכע זיי האָבנ אײַליק פונ די קאָבורעס ארויסגעכאפט, — אינ קאָפ, אינ דער ברוסט, אינ שלייפ, אונ ווידער אינ קאָפ, אונ העשל איז באלד אנידערגעפאלנ, ווי א כנאָפ.

ס'איז באלד אנ אָנגעלויפ געוואָרנ פונ פאָליציי אונ מאכט-לײַט, וואָס האָבנ דאָ דערזענ אנ איבערפאל אפ א זייעריקנ, אונ באלד וואָלט שוינ דער גאנצער קווארטאל אינ סאקאָנע געשטאנענ פאר מיטגעפיל צומ איבערפאלער, אונ א ווילדע גזיירע וואָלט דאָ אויסגעבראָכנ אפ אלע. די גזיירע איז אָבער דערווײַל אָפגעלייגט געוואָרנ: די מאכט האָט צײַט אויכ שפעטער זיכ אָפצורעכענענ.

מ'האָט באלד דעמ מעס וווּהינ מ'דארפ אָפגעפירט ביז דער גענויער אויספאָרשונג. מ'האָט אפילע דעמ פאָטער אונ שאמעי ניט צוגעלאָזט זייער אייגענעמ צו באגלייטנ אונ צו זאָגנ א פארענטפערנדיק וואָרט פאר אימ.

מע האָט העשלענ לאנג דערנאָכ אויכ דער קעהילע צומ באגראָבנ אפנ יידישנ בעסוילעמ ניט געוואָלט ארויסגעבנ. לעסאָפ, אז ס'איז געלונגענ דעמ מעס ארויסצוקריגנ, האָט מענ אימ גענומענ טאָנ דאָס רעכט, ווי מ'טוט מיט אלע מייסימ: אימ ארומוואשנ אונ גרייט מאכנ... נאָר אז מע האָט זיכ גענומענ צו זײַנ מויל, געוואָלט דאָס עפענענ אונ ארויסבאקומענ, וואָס ער האָט פונ ביס ארײַנגעכאפט, — דעמ מיליטערמאנס פינגער-גליד — האָט מענ דאָס בעשומויפנ ניט געקאָנט: דאָס מויל איז אימ געווענ אזוי ענג פארקלאמערט, אז מע האָט מיט קיינע קייכעס אימ די אנגלענ ניט געקאָנט אופרײַסנ.

כעוורע קאדישע האָבנ זיכ געאמפערט אונ גענומענ באהאנדלענ די זאכ לויטנ דינ אונ לויטנ מינהעג. טייל איז נויטע געווענ צו זאָגנ: מע טאָר ניט, ס'ניט רעכט... מיט א פרעמדנס אנ אייווער אינ מויל. אונ אנדערע, דאפקע די מער פרימערע, האָבנ געדרונגענ פארקערט: דאפקע מיט דעמ, אונ זאָל מענ דאָרט זענ, ווו מע האלט...

א סוואָרע, אז אזוי טאקע האָט מענ אימ באגראָבנ, מיטנ ביינדל, ניט קאָנענדיק דאָס בא אימ ארויסבאקומענ.

# דער זיידע מיטן אייניקל

(וועגן א צווייטן פאל אינעם איצטיקן אָקופּירטן פּוילן)

## I. דער ראָוו ר׳ ארן מאָנעסעס

ר׳ ארן מאָנעסעס, דער אלטיטשקער ראָוו פונעם קליינעם פּויליש-יידישן שטעטעלע מעלעץ, ניט ווייט פון די קארפּאטן, האָט אזוי פרום געלעבט און זיך אויפגעפירט, אז אפילו די סאמע פרימסטע האָבן, קוקנדיק אף אים, געטראכט, אז ער איז ניט פון אונדזער אוילעם און אז ס׳וואָלט אים געפּאסט געבוירן ווערן גאָר-גאָר פאר-צייטן.

ר׳ ארן האָט מערסטנס טעג אין וואָך געפּאסט... אז זיינע נאָ-ענטסטע מענטשן, ווי דער אלטער שויכעט און שאמעס, וועלכע פלעגן אים אָפט באזוכן, האָבן, זעענדיק זיין האנהאָגע, אים אָפט אונטער-געמוסערט, זאָגנדיק, אז ס׳איז ניט רעכט, מע טאָר ניט, מאכמעס ס׳איז קעגן געבאָט, וואָס פאָדערט „וחי בהם", דה״, אז מע דארף היטן דאָס געזונט, ווי א גוט געשאנק פון גאָט, — פלעג ער אלע מאָל האָבן מיט וואָס זיך צו פאַרענטפערן און זיך ארויסדרייען פון זייער מוסער, אויסגעפינענדיק פארשיידענע טערוצים און דעריקער טאקע דעם, וואָס דאפקע זיין געזונט פאָדערט פון אים, ער זאָל וואָס ווייניקער עסן.

פון פיש און פלייש האָט ער זיך אָפּגעזאָגט אפילו אום שאבעס-יאָמטעוו, און זיינע גאָרע סודעס, ווען ער האָט שוין יאָ געגעסן, זיינען באשטאנען פון א האמויצע מיט זאלץ און אויך פון עטלעכע וועלשענע ניס, וועלכע זיינען באוואָרנט פון פוילעניש און פון ווערעם... און זיין איקער כאיונע האָט ער שוין געצויגן בלויז פון זיינע ספאָ-רים, פון וועלכע ער האָט די אויגן ניט צוגענומען ניט באטאָג, ניט באנאכט. באטאָג, ווי אלעמאָל אזא לערנט געוויינלעך. און באנאכט, ווען ער פלעגט אופשטיין צו פראוועז „כצאָס", ווי גאָר אמאָל, מיט אלע טאגן — מיט זעצן זיך אף דער שוועל, מיט אָנשיטן א ביסל אש אפן קאָפּ און מיט זאָגן דעם „עד אנה בכיה בציון"[1], אמאָל ווײ-

[1] אד אָנאָ ביכיאָ בעציען — ביז וואנען וועט זיך הערן דער געוויין אין ציען, — א וו ט.

נענדיק אפ א קאָל און אמאָל כליפענדיק ווי א קליינ קינד — פלעג ער שוינ צו זײַנ געלעגער זיכ ניט אומקערנ, ווײַל סײַווי האָט ער זיכ שוינ פונ שלאָפ ארויסגעשלאָגנ, און ער האָט אויכ דעמ איבעריקנ טייל נאכט נאָר געטאָנ און געלערנט.

און בעעמעס, וואָס דענ אנדערש זאָל ר׳ ארנ געוועג טאָנ און מיט וואָס אנדערש זיכ באשעפטיקנ, אויב קיינ מישפּאָכע-לעבנ האָט ער, ווי מיר וועלנ ווײַטער זענ, ניט געהאט און אויכ זײַנ אייגנטלעכע ראָוו-ארבעט איז געוועג קליינ און ווייניק צײַט-פארנעמענדיק. פארוואָס? מאכמעס דאָס שטעטעלע מעלעצ קליינ, און מיט שײַלעס אפ טעפל-לעפל האָט מענ אימ שוינ נישט איבעריק באומרויקט אפילע פריער, ווענ דער אוילעמ איז נאָכ שטארק פרומ געווענ, אָפגעהיט, מוירע האָבנדיק אריבערצוטרעטנ איבער דעמ, וואָס מע טאָר ניט אפילע ווי א האָר די דינ; אוביפראט איצט, ווענ מ׳איז גאָר ניט אזוי מאקפיד און מע דערלויבט זיכ שוינ אָפט אוועקוקנ פונ אכטונג געבנ אפ גאָר שטרענגער קאשרעס... אזוי, אז קיינ שײַלעס ניט. נו, און דינ-טוירעס און בוירערעסנ, דהײ. אויסגלײַכנ צווישנ צוויי צדאָדימ ביים א סיכסעכ און א לאָדעניש—אויכ נישט, מאכמעס די געשעפטנ אינ שטעטעלע נישטיק און ס׳איז ניטאָ איבער וואָס זיכ צו קריגנ און צו לאָדנ, — איז מיט וואָס אנדערש זאָל זיכ פארנעמענ אזא, ווי ר׳ ארנ, אויב נישט מיט דאווענענ, לערנענ, און אויב סע בלײַבט אימ ווענ אויכ צײַט א ביסל, א קליינ ביסל אויכ צו קלערנ... נו, טוט ער טאקע אזוי: דאוונט ער, לערנט ער און קלערט טאקע, ווענ ער האָט צײַט... אז וואָס? — אז ער איז ניט זויכע און ניט ווערט בא גאָט, וואָס ער האָט אימ אפ דער וועלט ארײַנגעשיקט און געמאכט געבוירנ אינ אזא צײַט, ווענ דער ראָוו-בארופ ביכלאל און אומעטומ איז געשלאָגנ און אָפגעפרעגט, אוביפראט אינ אזא שטעטעלע, ווי מעלעצ, ווו ער נעמט, דאכט זיכ, נאָר סכירעס אומזיסט...

ער איז שוינ שטארק אלט, ר׳ ארנ. די דינע, ווײַסע האָר פונ זײַנ באָרד, אינ וועלכער ער האלט אלע מאָל א בלינדלעכ-שארנדיקע האנט, זײַנע שוינ שיטערלעכ-געציילטע, און די דארלעכע הויט פונ די באקנ און קינ זעט זיכ אימ דורכ זיי אדורכ... דער פרומ-שאָפענער, פארדימיענטער בליק פונ זײַנע אויגנ, וואָס זײַנענ אמאָל געווענ קארע-קאָליר, איז איצט וואסעריקלעכ-אויסגעלאָשנ און אלע מאָל געווענדט ניט צו דעמ, מיט וועמענ ער רעדט און וועמענ ער האָט צו שטיינ אָדער זיצנ פאר זיכ...

ער איז שוינ אויסגעטאָנ פונ אלערליי טײַוועס, ר׳ ארנ, און נאָר

איינער א פּונק טליעט נאָכ אונטערן עלטערלעכן אש בא אים, און דאָס איז — די קינע צו זײַנע פאָרגייער און א געוויסע גרינגשעצונג און אויכ מיטלייד צו זיכ.

ווען ער איז פרײַ פון לערנען און פארקלערט, ר׳ ארן, האָט ער אלעמאָל פאר די אויגן בילדער פון ראבאָנים פון פארשיידענע אלטע, פארגאנגענע צײַטן; ראבאָנים מיט גרויס טוירע, מיט שטעל, מיט אָנזען און מיט פעסטער האנט אפ אָנפירן מיט גרויסע קעהילעס און גאנצע לענדער; ראבאָנים, וואָס לפני מלכים יתיצב, וואָס האָבן זיכ, הייסט עס, מיט שטאָלצ פאר מעלאָכים געשטעלט; ראבאָנים, וואָס זיי גייען בעראָש פון דער איידע בײַס א גײרעש, דה., ווען מע האָט דאָס פאָלק פון א געוויס אָרט ארויסגעטריבן, טראָגנדיק א סײפער-טוירע אפ די הענט און טוליענדיק זי, ווי מע טוליעט א קראנק קינד פאר קעלט, ווי דער אבארבאנעל, לעמאָשל, בײַס גײרעש-שפאניע. אן אנדערש מאָל זעט ער: א ראָוו, ראבאָניש געקליידט, אינגאנצן אין יאָמטעוו אָנגעטאָן, ווען ער האָט באדארפט קומען פאר א קייסער אָדער פאר א סראָרע און וואָס, אויב ער וועט די באקאָשע ניט פּויעלן, וועט דער סאָפ זײַן א שלעכטער אי פאר די, וואָס האָבן אים געשיקט, אי פאר אים, פארן געשיקטן, אליין... ער זעט אים מיט ווערטער פון ווידע אפ די ליפן און וויזוי פון אונטערן אויסערלעכן יאָמטעוו איז ער אויכ פארשטעלט אין טאכריכים אָנגעטאָן, אפן פאל, זויב אפן אָרט, וווהין ער דארף קומען און זײַן פארטיידיקונג-וואָרט זאָגן, וועט זים דער סאָף טרעפן... ער זעט ווײַטער, ווי בײַס א גזאר, א גזיירע, ווען דאָס פאָלק איז געשטעלט געוואָרן פאר א ניסאָיען: אָדער צו פעלשן אין דער אייגענער עמונע און איבערגיין צו א צווייטער, אָדער אומקומען — וויזוי ראבאָנים, האָבנדיק פאר זיכ די גאנצע איידע זין שול פארזאמלט, האָבן מיט כאלאָפים אין די הענט געמאכט די בראָכע „על השחטה״ און וויזוי איינער דעם אנדערן האָט גענומען קוילען אָן ראכמאָנעס: אלט — יונג, טאטעס — קינדער, מענער — װײַבער, ביז לעצט, דה. ביז דער לעצטער האָט זיכ אליין געקוילעט.

דאָס — דעמלט — אמאָליקע ראבאָנים, און הײַנט ער — ר׳ ארן — וואָס?.. ר׳ ארן פאלט בא זיכ שטארק אראָפ, ווען ער נעמט דורכפירן א פארגלײַכ צווישן זיכ און יענע, צווישן איצט און פארצײַטן, קוקנדיק ארופ העכער צום „שלשלת היוחסין״, דה. צו דער דוירעסדיקער ראבאָנים-קייט, און דערזעענדיק זײַן אייגענע נישטיקײַט און נישט-בארופן-זײַן צו גאָרנישט... ער פאלט בא זיכ שטארק אראָפ און ער פרוווט אמאָל ארויסגעבן זײַנע אויסבאהאלטענע געדאנקען פאר אנ-

דערע, ווי פארן אלטן שויכעט און שאמעס, וועלכע באזוכן אים אָפט, א פרעג געבנדיק אמאָל פון דער העלער הויט און אומגעריכט פאר יענע:

— הא, ווי מיינע יידן, ווען, כאָלילע, די שאָ זאָל ניט זײַן, ווען ס'זאָל זיך איצט מאכן א גזאר, א גזיירע, און ס'זאָל זיך פאָדערן קידעש־האשעם, צי וואָלטן זיך איצט געפונען אזוינע, וואָס וואָלטן דעם האלדז אונטערן כאלעפ געשטרעקט, ווי בימיי גאָנטע, לעמאָשל?

— וואָס פאלט אים איין, ר' ארענען, — פלעגן יענע באוווּנדערן זײַן פראגע, — באהיט גאָט... אָבער אוואדע וואָלטן זיך געפונען... לוי אלמאָן יסראָעל — יידן, הייסט עס, זײַנען נאָך ניט אזוי אָרעם און אויסגעהוילט פון צו האָבן אזוינע, וואָס אין אן אייס־צאָרע וואָלטן נאָך געגוג מוט געהאט ניט אנידערצופאלן מיט געבראָכענע קני פארן סוינע, פארן צוירער.

— אזוי זאָגן זיי? — זאָגט ר' ארן, און זײַן אלט־אָפּגעלעבט פאָנעם ווערט אים לעבעדיק־אופגעלויכטן און ער קוקט איצט יאָ אין די אויגן פון די, מיט וועמען ער האָט צו טאָן און וועמען ער האָט צו שטיין אָדער זיצן פאר זיך. — יאָ זאָגן זיי? — זאָגט ר' ארן, — נו, ווי ווער, לעמאָשל?

— וואָס הייסט, ווער? אָט ווי ער, ר' ארן אליין, און אויך אנדערע.

— אזוי מיינען זיי? — מאכט ר' ארן מיט דער האנט אוועק און קערעוועט אָפּ דעם קאָפּ פון באשיידנקייט און פון נישט־גלייבן קלוימערשט צו פארמאָגן דאָס, וואָס אנדערע גלייבן יאָ צו זען אין זײַן פארמעגן... אין הארצן אָבער בלײַבט ער דאָך א קליין בי־סעלע צופרידן און אפילע מיט עטוואָס איבערנעמערישן שטאָלץ דער־פולט, וואָס אויב גאָט, הייסט עס, האָט אים ניט באשענקט ב ע־פ וי ע ל מיט עפעס זיך ארויסצווײַזן, איז אלקאָל־פאָנעם — בעקויעכ, זאָגן מענטשן, איז ער יאָ אפ עפעס פייִק... און דאָס איז דאָך שוין א האלבע טרייסט און א שטיק בארעכטיקונג פאר ר' ארענען. אָבער... יעדעס מאָל, ווען ער האלט שוין דערבײַ, אזוי קומט אים אפן זיקאָרן א זאך, וואָס שלאָגט אים אָפּ צוריק און מאכט אים ווידער אין מאָ־רעשכוירע אראָפּזינקען, באווײַזנדיק אים, אז ער איז פאָרט טאקע ניט אזא, אפ וועמען מ'קאָן אויסשטעלן און זיך פארלאָזן.

און דאָס איז זײַן אייניקל איציקל, וואָס לויט אלע לאגעס, וואָלט ער זיך באדארפט פון אים אָפּזאָגן און אים פון הארצן ארויסרײַסן,

אָבער ער קאָנ ניט. צי דערפאַר, ווײַל איציקל איז אים איינער פונ זײַנ מישפּאָכע-שטאַם געבליבנ, צי איבער איציקלס גוטע מײַלעס, וואָס ער האָט קליינערהייט ארויסבאַוויזנ אונ וואָס אפילע, ווענ ער האָט עלטער ווערנדיק, זיי פארלוירנ, קאָנ דער זיידע זיי ניט פארגעסנ, צי איבער ביידע זאַכנ איניינעם, נאָר ער קאָנ ניט, ניט געקוקט דערויפ, וואָס אנדערע, אפילע ניט ראַבאָנים, ווענ ס'מאַכט זיך, אז קינדער שטעלנ זיך זיי קעגנ אונ גייענ אוועק אינ נישט קיינ געוווּנטשענע פאַר זיי דראָכים, זאָגנ זיך יאָ אָפּ פונ זיי אונ טוענ זיי אפילע פונ גאָרער קרויוועשאַפט אויסמעקנ. ער — ניט.

## II. איציקל, ר׳ ארנ מאָנעסעס אייניקל

ער איז אים געבליבנ אנ איינ-אונ-איינציקער פונ זײַנ גאַנצ הויזגעזינד, וואָס איז אויסגעשטאָרבנ: צוערשט די רעבעצנ, דערנאָך זײַנ איינציקע טאָכטער, דערנאָך איר מאַנ, זײַנ איידעם, דערנאָך אויך די עלטערע קינדער פונ דער טאָכטער, וואָס זײַנענ נאָך איר אוועק. איציקל האָט זיך קליינערהייט שטאַרק געקלעפּט צום זיידנ, וועלכער האָט אים פארביטנ טאַטע-מאַמע. ער האָט אים אינ מויל געקוקט, אויספאָלגנדיק אלצ, וואָס יענער האָט פונ אים געפאָדערט. ער האָט זיך גוט געלערנט בא מעלאַמדים, אונ אויך באַם זיידנ, וואָס האָט אים געהאַט צו געבנ מער פונ די מעלאַמדים... נאָר מיטאַמאָל, אז איציקל איז אלט געוואָרנ א יאָר צוועלפ-דרײַצנ, האָט ער זיך גענומענ ארויסרוקנ פונ זיידנס רעשוס אונ האַשפּאָע. צי די כאַווײרים האָבנ דאָ געווירקט, צי ער האָט זיך אליינ מיטאַמאָל געענדערט, נאָר איציקל איז אוועק קרומ: אזוי ווי פריִער שטיל, באַשיידנ אונ נישט באַמערקט צווישנ קינדער, אזוי האָט ער זיך איצט גענומענ הערנ צווישנ זײַנ גלײַכנ אונטערוואַקסנדיקע יוגנטלעכע, ווי גאָר א טיכטיקער אָנטיילנעמער אינ אלע שטיפערײַענ אונ געשלעגנ, אונ זײַנ נאָמענ איז אלעמאָל געווענ פארמישט אינ אזעלכע אונטערנעמונגענ, וואָס אז דער זיידע האָט זיך פונ זיי דערוווּסט, האָט ער גרויס צאַר געהאַט אונ ער פלעג אזש א שטיקל באָרד אינ מויל ארײַנכאַפּנ, ער זאָל ניט ארויסזיפצנ אָדער אויסשרײַענ פאַר צאַר. ס'איז רעכט געווענ, אז שפּעטער א ביסל זאָל איציקלס נאָמענ דערגרייכנ צום זיידנס אויער אינ פארבינדונג מיט אזא זאַכ, ווי שפּאַצירנ מיט מיידלעכ אונטער דער שטאָט, מיט עלטערע אונ יינגערע פונ זיך, וואָס גאָט ווייסט, צו וואָס אזעלכס קאָנ דערפירנ.

ער האָט זיך אפילע אויסערלעכ געביטנ, איציקל. אזויווי פריִער

א געוויינלעך, דאר ייִדיש ייִנגעלע, אזוי האָט ער איצט מיטאמאָל גע-
נומען א וואקס טאָן אין די אקסל, אין דער הייך און אין דער ברייט,
אז די קליידער זײַנען אפּ אים ענג געוואָרן און האָבן נישט געקאָנט
דעריאָגן זײַן וווקס. אויך די באוועגונגען מער האסטיקער און אופּ-
געריסענער, ווי בא אזא, וואָס ווערט דערצויגן אין אזוינע הײַזער,
ווי ער... און דאָס איינציקע, וואָס איז אים יאָ פון זײַן שטאם און
יערושע געבליבן, זײַנען געווען זײַנע קארע אויגן, ענלעכע אפּן
זיידנס, אָבער ווען דעם זיידנס בליק איז אויסגעלאָשן, שאָפן-פרום
און אלעמאָל געווענדט ווי אפּ צוריק, צום נעכטן, אייערנעכטן און
פארגאנגענעם, האָט איציקלס בליק געבלענדזלט מיט פײַער פון פאָרויס-
בליקן און אריבערקוקן איבער אלץ, וואָס געשעט פאר אים דאָ און
איצט, און ווי זוכנדיק דאָס געגארטסטע און געווונטשנסטע אין דעם,
וואָס שטייט אים ערשט ווײַטער און שפּעטער פאָר... און ווײַטער,
אין אלעם איבעריקן, ער — דער הייפעך פון זיידן: ווען יענער אויס-
געבראָכן פון טײַוועס, ער — פול אימפּעטלעכע אפּעטיטן, הען צום
עסן, וואָס ער האָט געשלונגען שטיקערווײַז, הען צו אלע אנדערע
זאכן, וואָס זײַן זיידע האָט אפילע אין די יאָרן, וואָס איציקל, פון
זיי קיין אנונג ניט געהאט.

ס׳טרעפט זעלטן, אָבער ס׳טרעפט דאָך, ווען מיטגלידער פון איין
מישפּאָכע זײַנען אזוי ווײַט ניט ענלעך איינס אפּן צווייטן, אז ס׳איז
קיין סימען ניט צו דערקענען, אז זיי שטאמען פון איין וואָרצל.

— ס׳נאָך דאנקען האשעם-ייִסבאָרעך, — פלעג שפּעטער זאָגן דער
זיידע, ד׳ ארן מאָנעסעס, ווען ער פלעג קלערן וועגן זײַן אייניקל, —
וואָס איציקלס בלוטן, וועלכע קאָכן אין אים אזוי שטארק און וועלכע
וואָלטן אים געקאָנט פארפירן אפּן וועג פון באפרידיקן הויל און בלויז
זײַן היציק-צעפּאָלאָכעטן כוימער, האָט ער די לעצטע צײַט גענומען
אויסנוצן און פארווענדן — עמעס אויך ניט אפּ דעם, וואָס אים, דעם
זיידן, איז ניכע, אָבער פאָרט דאָך בעסער, ווי סטאם א זוילעל-
וועסויווע, אָדער ווי אזא, פאר וועמען ייִדן זאָלן מוזן זייערע יונגע טעכטער
אויסהיטן.

ווײַל יאָ, ווײַל איציקל האָט זיך די לעצטע צײַט א נעם געטאָן
אין גאָר אן אומגעריכטער זײַט — אין דער זײַט פון פּאָליטיק —
א זאך, וואָס אפילע אין גאָר גרויסע שטעט פארנעמען זיך דערמיט
ווײַט ניט אלע, ביפראט אין אזא שטעטעלע, ווי מעלעץ, ווו קיינער
האָט דערמיט ניט צו טאָן, קיינעם קריכט עס אין קאָפּ נישט און
מע ווייסט דערפון בלויז פון אויסלייענען אמאָל אין די

בלעטער... אוואדע איז אויך דאָס ר׳ ארענען ניט צום הארצן געווען, ווייל וואָס קער זיך עס אָן מיט אים, און מיט דעם, וואָס שטאמט פון אים, איין אזוינע זאכן זיך גאָר צו מישן, און אוואדע האָט ר׳ ארן ניט דאָס געמיינט, דערציִענדיק דאָס קינד פון זיין קינד...

ער האָט זיך געמוזט צעגיין מיט איציקלען. געווייסע באלעבאטים, שטארקע קעגנער פון איציקלס זאך, האָבן אים דערצו געצווונגען, פארהאלטנדיק אים אלעמאָל אין קלויז, ווי ער פלעג זיך מיט זיי באגעגענען, אמאָל מיט כויזעק, אמאָל מיט גיפט.

— הא, ר׳ ארן, אייער איציקל מיינט טאקע בעעמעס איינצופירן בא אונדז דאָס, וואָס דאָרט? — און דערביי פלעגן זיי א ווונק טאָן צו דער מיזרעך-גרענעצ, מיינענדיק רוסלאנד.

— הא, — פלעגן זיי אן אנדערס מאָל א פרעג טאָן, — ער מיינט טאקע בעעמעס באגליקן די וועלט מיטן מאלכוס-האקאזאקן, בא זיי בלייב עס... — פלעגן זיי ווייטער אהין אָנווייזן, מיינענדיק די באָל-שעוויקעס.

ר׳ ארענען האָט דאָס זייער געערגערט, ווייל ער איז ניט געווען אימשטאנד צו פארטיידיקן, וואָס יענע האָבן געטאדלט, אי מאכמעס אָפהענגיקייט פון באלעבאטים, בא וועלכע ס׳איז די מייע און די דייע, און אי אויך דערפאר, וואָס ער אליין האָט דאָך אויך ניט מיטגע-שטימט מיט דעם, אין וואָס איציקל האָט זיך אזוי פארגלויבט און פארקאָכט ארייננגעלאָזט.

נו, און איציקל אליין האָט זיך פון גרויס פארקאָכטקייט דער-ארבעט דערצו, אז ווער ס׳האָט באדארפט, האָט זיך דערוווסט, אז ער איז א שטיק הויפּט און אָנפירער פון יענע קרייזלעך, וועלכע ער שאפט גאָר ניט מיטן גוטן מיין לעטויוועס דער מעלוכע... מע האָט זיך אויך דערוווסט, אז אלע זיינע אופטועס אף יענעם געביט זיינען ניט בלויז אין זיין קאָפּ געבוירן, נאָר אז ער שטייט אין פארבינדונג מיט הע-כערס פון זיך, מיט עפּעס איינער אן אָרגאניזאציע אין א צענטער, פונוואנען ער באציט סיי מינדלעכע באפעלן, סיי דרוק-זאכן, אין דער פאָרם פון פלוג-בלעטלעך, בראָשורן אא. אף צו פארשפרייטן צווישן די יעניקע, וועלכע געפינען זיך אונטער זיין אָנפירנדיקער ווירקונג.

און אָט, כאָטש ער איז נאָך יונג געווען, איציקל, נישט מער, ווי א יאָר זעכצן—זיבעצן, ווען דער שטראָף-געזעץ איז אף אזוינע נאָך ניט אזוי כאל, ווי אף גרויסע, דאָך איז מען זיך מיט אים בא-גאנגען שוין דאפּקע יאָ, ווי מיט א גרויסן, און אין איינער א נאכט,

ווען זײַנע זיידע האָט געהאַלטן אינמיטן פּראַווען זײַן כצאָס, האָט מען אין ראָוס שטוב אָנגעקלאַפּט און זשאַנדאַרמען האָבן זיך באַוויזן... זיי האָבן פריִער געמאַכט אַן אונטערזוכונג און דערנאָך איציקלען, דעם באַל-דאָווער, פאַרנומען, וווּהין מע דאַרף...

דעם זיידנס האַרץ איז געווען געבראָכן אי פון ביזאָיען, וואָס אים, אַ ראָוו און אין זײַן עלטער, איז אויסגעפאַלן צו זײַן פאַרמישט און האָבן אַ שײַכעס צו אַזוינס, וואָס האָט געקאָנט וואַרפן אַ שאָטן פון כשאַד אַף זײַן אייגענער קאַשרעס, און אי אויך פון ווייטעק, וואָס מע האָט איציקלען פון געלעגער אַראָפּגענומען און מע איז זיך מיט אים גאָר ניט איידל באַגאַנגען, נאָך אין שטוב זײַענדיק, בי־פראַט, ווער ווייסט, וואָס ס'וועט מיט אים דאָרט, ניט אין דער היים, געשען.

ר' אַרן האָט אַף זײַן באַדויערנדיקער עלטער געמוזט טאָן, וואָס ער קאָן, און קאָנען האָט ער גאָרנישט ניט געקאָנט, אויסער גיין בעטן צו יענע קענגנעריש-געשטימטע באַלעבאַטים, מע זאָל פאַר זײַן אי־ציקלען אַ גוט וואָרט זאָגן, און אויב מעגלעך, אַ פאַפיר מיט כסימעס דערלאַנגען אין אַ געהעריק אָרט. יענע האָבן, נאָך שלעכטלעכן מוסער און בייזלעכע בליקן, געוועגדט אַף אים, אים צוגעזאָגט. און מע ווייסט ניט, צי זיי האָבן טאַקע וואָרט געהאַלטן, זיך מישטאַדל געווען און זייער הישטאַדלעס האָט געהאָלפן, צי ניין, צי נאָר דערפאַר, וואָס איציקל איז טאַקע נאָך יונג געווען און ניט קיין באַר-אָנשין, דה. וואָס מע האָט נאָך צו אים די גאַנצע האַרבקײַט פון געזעצ ניט גע־קאָנט אָנווענדן, ווי צו אַ דערוואַקסענעם, און דערפאַר האָט מען אים אין אַ צײַט אַרום פון געפאַנגענשאַפט אַרויסגעלאָזט. דאָס ווייסט מען ניט. מע ווייסט אָבער יאָ, אַז ניט געקוקט אַף זײַן יוגנט, האָט אי־ציקל, זײַענדיק אין טורמע, קיין האָניק ניט געלעקט. און דאָס איז צו זען געווען אַף זײַן פּאָנעם, וואָס איז געווען בלאַס געשטעמפּלט, אַרויסקומענדיק פון טורמע, ווי אויך אין דעם גרעסערן ערנסט, וואָס ער האָט מיט זיך אין זײַן קליינע פּעקעלע זאַכן צווישן אַנדערן פון דאָרט מיטגעבראַכט.

ס'האָט אים אָבער ניט אָנגעלערנט, איציקלען. פאַרקערט, ער איז אַרויס אַ נאָך מער געשמידטער און אײַנגעגלויבטער אין זײַן זאַך. ער האָט אַפילע קיין טאָג ניט אָפּגערוט און האָט זיך גלײַך אַ וואָרף געטאָן צו זײַנע כאַווײרים, מיט וועלכע ער האָט פאַרן אַרעסט אָנ־געפירט און די צײַט פון אַרעסט געווען צעשיידט. נאָך מער: ער האָט זיך איצט אַ נעם געטאָן מיט גרויס פלײַס אַרײַנצודרינגען אויך

אינ אזוינע קרײַזנ, וואָס פריִער האָט ער צו זיי קיינ צוטריט ניט געהאט, — צו ייִדישע אונ ניט-ייִדישע באלמעלאָכעס אונ געזעלנ, — נישט ווי פריִער, ווענ ער האָט צו טאָנ געהאט בלויז מיט זײַנ גלײַכנ יוגנטלעכע פונ באלעבאטישנ שטאנד.

ער האָט, נישט געקוקט דערופ, וואָס ער האָט געוווּסט, אז ער געפינט זיכ איצט אינ געוויסנ שווארצנ צעטל, פארעכנט בא דער זשאנ-דארמעריע, וועלכע האָט די אופגאבע אכטונג צו געבנ אונ אינ אויג צו האלטנ אלצ, וואָס איז פארדעכטיק, ביפּראט אזוינע, וואָס האָבנ זיכ שוינ אמאָל פארזינדיקט, זייער שטראָפ אָפּגעקומענ אונ אָפּגעזעסנ, אונ אז אויב ער, איציקל, וועט זיכ איצט נאָכאמאָל פארזינדיקנ, וועט די שטראָפ שוינ זײַנ פיל הארבער אונ פיל דויערנדיקער, — נישט גע-קוקט דערופ, האָט איציקל זיכ ניט געשאנעוועט אונ באלד גלײַכ נאָכ זײַנ באפרײַונג האָט ער זיכ ווידער אונ נאָכ מיט מער אייפער א לאָז געטאָנ צו זײַנ זאכ, וועלכער ער האָט זיכ מיט זײַנ גאנצער יוגנטלעכ-פארגלייבטער באגײַסטערונג געווידמעט.

ער האָט נאָר, נעמענדיק איצט אינ אכט זײַנ זיידנס לאגע אינ שטאָט, זיכ פונ אימ ארויסגעצויגנ אונ זיכ אריבערגעקליבנ צו עפּעס איינעמ אנ אָרעמ-אָפּגעפּאָרענעמ באלמעלאָכע אינ א זײַטיק געסעלע, אינ א פארוקט שטיבעלע פארשטעקט. ער האָט לעפּאָנעמ איבערגע-ריסנ מיטנ זיידנ, ווי דער זיידע — מיט אימ. אָבער דאָס האָט דאָכ ניט געשטערט, זיי זאָלנ זיכ פונ צײַט צו צײַט זענ, אונ כאָטש דער זיידע פלעג בא דער באגעגעניש שטיל אונטערזיפצנ אונ אימ באדויערנ, אונ כאָטש ער האָט געפילט די פרעמדע לופט, וואָס איציקל ברענגט מיט זיכ מיט פונ זײַנ פּינצטער-פארוקטנ באלמעלאָכישנ געסל, אונ אויכ די גײַסטיקע אָפּגעפרעמדטקײַט, וואָס האָט זיכ צווישנ זיי גע-שאפנ, האָט ער דאָכ, דעמ עמעס געזאָגט, נישט אופגעהערט צו אי-ציקלענ מיט ליבע זיכ ציִענ...

איציקל פלעג, קומענדיק געווירע ווערנ דעמ זיידנ, ארײַנ צו אימ מיט ווינט, מיט אימפּעט אונ מיט די הויכ אונ ברייט צעוואקסענע אקסל, פאר וועלכע דעמ זיידנס טיר איז ווי צו נידעריק אונ ענג געווענ, אונ טרעפנדיק דעמ זיידנ בא זײַנ געוויינלעכער טועכצ — באמ לערנענ, פלעג ער היימיש-צוגעלאָזט אונ אופגעלעבט א זאָג טאָנ:

— הא, זיידע, וואָס מאכסטו? וואָס לערנסטו? — אונ דערבײַ פלעג ער אויכ כאפּנ א קוק ארײַנ אינעמ סייפער, וואָס ליגט פאר יענעמ, אונ ווײַטער א זאָג טאָנ: — הא, זבחים ומנחות? אײַ, זיידע, האָסט נאָכ אלצ אינזינענ דעמ בײס-האמיקדעש, וואָס איז שוינ אָפּ דער

וועלט ניטאָ, און עפּעס קויהאַנים און קאָרבאָנעס, וואָס קיינער דאַרף זיי ניט?

— און ווער, — פלעג ר' אַרן אָפּענטפערן אין זעלבן היימיש-צוגעלאָזטן האַלב-שפּאַסיקן טאָן, — ווער האָט דאָס איציקלען געזאָגט, אַז קיין בייס-האַמיקדעש איז ניטאָ און אַז קיין קויהאַנים און קאָר-באָנעס דאַרף מען ניט? אָט איז דאָך ער, איציקל, אַליין אויך, דאַכט זיך, אַ שטיקל קויהען אין אַ בייס-האַמיקדעש, וואָס קיינער זעט אים ניט... און עפּעס איז ער אויך דאָרט, דאַכט זיך, מאַקרעווו, וואָס דאָס זעט מען שוין דאַפקע יאָ: זיינע יונגע יאָרן, וואָס גייען אַוועק און וואָס ס'איז זיי שווער דערנאָך צוריק צו כאַפּן.

— זאָרג זיך ניט, זיידע, פאַר מיינע יאָרן, — פלעג איציקל אָפּ-ענטפערן מונטער-אויפגעלייגט, און ס'האָט אויסגעזען, אַז אָט-אָט וועט ער, בײַ די ווערטער, דעם זיידנס גוט-ברודעריש אין פלייצע אַ קלאַפּ טאָן, פאַרזיכערנדיק אים, אַז זײַן זאָרג איז אַן אומזיסטע.

— ניט זאָרגן זאָגסטו? איז ניט, — פלעג ר' אַרן ענטפערן און ווידער נישט אופהערן אונטערזיפצן, קוקנדיק אף איציקלען אי מיט באַדויערונג, ווי אמאָל אַ פאָטער, ווען ער זעט, אַז דאָס קינד גייט אים אַוועק קרום און אין שאָדן, און אין דער זעלבער צײַט אויך מיט אויסבאַהאַלטענער ליבע, וואָס מאַכט, נישט געקוקט אף אַלץ, דעם פאָטערס האַרץ צו דעם זיך ציִען...

אָט אַזוי פלעגן זיי זיך דורכשמועסן און יעדערער איז, נאַ-טירלעך, בײַ זײַנעם געבליבן: איציקל בײַ זײַן אָפּגעפּרעמדטער טועכץ און דערווײַטערט זײַן פון זיידן, און דער זיידע — צווישן כויוו און ליבע געענגט און צעווייפעדריקט, ווען איינס האָט געפאָדערט, ער זאָל זיך אינגאַנצן אָפּזאָגן פון איציקלען, און דאָס צווייטע האָט אים ניט דערלאָזט דערצו...

און אָט דאָס איז ר' אַרנס ערגער געוועזן. זעענדיק, ווי ער איז שוואַך און הינטערשטעליק און קאָן ניט בײַשטיין אַפילע אַזאַ קליי-נעם ניסאָיען מיטן אייניקל, איז הײַנט וואָס וואָלט שוין געוועזן, האָט ער זיך געטראַכט, ווען ס'פאָדערט זיך פון אים עפּעס מער גרעסערס.

אָבער לאָמיר אים לאָזן בײַ זײַן ערגער. ווײַל באַלד וועלן מיר זען, אַז ר' אַרן האָט זיך געגאַרט אי אין זיך אַליין, ניט דערשאַצנ-דיק זײַנע אייגענע קויכעס, און אי אויך אין זײַן אייניקל איציקל, מיינענדיק, אַז זײַן ליבע צו יענעם איז פון יענעם ניט קיין פאַר-דינטע, און אַז ער האָט דאָ צו טאָן בלויז מיט אַ קינד, וואָס איז אים אַוועק אין העפקער...

ס'וועט דאָ גיין די רייד וועגן דער איצט-פּאָרקומענדיקער מיל-כאָמע, בייס וועלכער ביידע זיי, דער זיידע מיטן אייניקל, זײַנען אַפּ איינ מיזבייעכ אופגעגאנ, כאָטש פונ פארשיידענע זײַטנ, קעדיי דורכ איינ מעסער אוועקגעקוילעט ווערנ; אונ נאָר איידער מיר גייענ דערציילנ וועגנ זיי, ווילנ מיר זאָגנ א פּאָר ווערטער וועגנ דער הענ-קער-האנט, וואָס האָט זיכ אַפּ זיי אופגעהויבנ.

אָט איז זי.

## III. דער געסטאַפּאָ־הויפּטמאנ היינריכ דרייער

ער שטאמט פונ אלטאָנא — א פּאָרשטאָט פונ האמבורג. ער האָט א טיפנ שראמ פונ א פארהיילטער וווּנד אַפּ זײַנ קינ-באָרד — א רעשטל נאָכ פונ דער ערשטער אימפּעריאַליסטישער מילכאָמע, וואָס איז אימ נאָכ פארבליבנ פונ א שארפנ האק פונ א קאזאקס א שאשקע בייס א האנט-געפעכט אינ גאליציע.

ער האָט נאָכנ קריג געדינט אלס ביוראָ-אָנגעשטעלטער אינ איינער א יידישער האמבורגער האנדלס-פירמע מיטנ נאָמענ „באכמאנ עט קאָמפּ." פאר א קליינעמ געהאלט, וואָס האָט אימ קוימ געקלעקט אפילע זײַנע באָכערישע הויצאָעס צו דעקנ, ביפראט ניט געקלעקט, וועג ער האָט פארטראכט זיכ צונויפגיינ מיט איינער א געזונטער, רויט-באקיקער מויד מיט א הויכ-פולנ בוזעמ, וואָס איז אימ שטארק געפעלנ.

ער איז דערומ אלעמאָל בייז געווענ אַפּנ קריג, וואָס האָט זיכ געענדיקט ניט ווי מע האָט געמיינט אונ ווי דער דײַטשישער קײַ-זער האָט צומ אָנהייב קריג פארשפּראָכנ. אונ ער האָט אויסבאהאלטנ א שטארקע סינע צו די שולדיקע אינ זײַנ לאנדס נידערלאגע, וואָס בא דער רעוואָליוציע פונ 18-טנ יאָר האָבנ זיי דעמ, קלוימערשט, א מעסער אינ רוקנ דערלאנגט. אונ דאָס האָט ער געמיינט דעמאָ-קראטנ, סאָציאַל-דעמאָקראטנ, קאָמוניסטנ אא., וואָס זײַנענ ווידער, קלוימערשט, פונ יידנ אָנגעהעצט אונ אונטערגעקויפט געוואָרנ, ווי די געוויסע „דויטש-נאציאָנאלע פּאטריאָטנ" האָבנ דאָס פאָלק געגומענ אײַנגערײדט.

אויכ ער, אָט דער דרייער, האָט זיכ געגרנ געלאָזט אײַנרײדנ אונ האָט א שטארק ביטערנ האס געטראָגנ אַפּ די, אַפּ וועלכע מע האָט אימ אָנגעוויזנ. נישט אלע אָבער פונ די אָנגעוויזענע האָט ער פאר די אויגנ געהאט, נאָר די פירמע „באכמאנ עט קאָמפּ." גראָד יאָ. זי פארלאָזנ אונ אוועק דינענ ערגעץ אנדערש האָט ער ניט געקאָנט,

ווײַל קיין אנדער שטעלע איז נאָכן קריג ניט אזוי לײַכט געווען צו געפינען און ערגעץ אנדערש איז געוויס ניט בעסער געווען אויך.

— יאוואָל, הער באכמאן, — פלעג ער מוזן שטיין אלעמאָל מיט א וואָרט פון דינסט-גרייטקײַט פארן באלעבאָס אפ צו הערן און צו פאָלגן, ווען ער וועט פון יענעם א וואָסער-ניט-איז באפעל קריגן. — זאָפאָרט, הער באכמאן...

אָבער ווי נאָר ער פלעג זיך אָפּקערעווען פון באלעבאָס, אזוי איז אים די הינטישע האכנאָע פון פּאָנעם אראָפּ, דאָס האלב-זיסע שמייכעלע, וואָס ער האָט אפ זיך ארופגעצויגן, שטייענדיק פאר יענעם, האָט זיך פון אים אָפּגעטאָן, און א בייזע, טעמפּע פינצטערניש פלעג זיך אפ אים אָנרוקן, ווי נאָר ער איז אליין געבליבן אָדער מיט אנדערע זײַן גלײַכן — אָנגעשטעלטע, פאר וועלכע ער האָט קיין מוירע ניט געהאט, אז מע וועט אים אויסגעבן, ווען ער וועט, אין קאעס זײַענדיק, ארויס מיט א פארשטיקטער קלאָלע אָדער מיט זידלערײַ בענעגייע זײַן באלעבאָס.

ווײַל יאָ, ווער דען איז שולדיק אין דעם, וואָס ער, דרייער, קאָן זיך ניט צונויפגיין מיט דער הויכער, פול-געפאקטער, רויט-באקיקער מויד, וואָס ער האָט זיך אָפּגעקליבן לויט זײַן געשמאק, און וואָס ער היט זי אָפּ א גאנצע און ניט-אָנגערירטע ביז דער כאסענע, און וואָס קעדיי צו באפרידיקן זײַנע באָכערישע באדערפענישן מוז ער אלע מאָל, פון שאבעס אפ זונטיק, אוועק אין די געוויסע זנוס-געסלעך אפ צו פארברענגען די שאבעסדיקע נאכט מיט א געקויכטער פרוי פאר קליינגעלט און פאר ביליקע געטראנקען און צובײַסן. ער מוז... זײַנע פארדינסטן, די 120 מארק כוידעשלעכער געהאלט, קלעקן אים נישט, ער זאָל, אפילע בא די שטרענגסטע אָפּשפּאָרונגען, קאָנען ווען צונויפקלײַבן מיטלען אפ אויסצושטאטן א צוויי-צימער-ווינונג מיט א ברייט „פאראדיז"-בעט מיט אנדער מעבל און קיך-געשיר, ווי זײַן באלעבעסלדיקער געשמאק און האכאָגע פאָדערט פון אים, און וואָס ווען מע האָט דאָס ניט, גייען אזוינע לאנג-לאנג ניט כאסענע האָבן, ווײַל זיי כילן זיך האלב מענטש און אן עכטן איקער געמינערט.

ער, היינריך דרייער, איז דערום אלעמאָל, ווען ניט אפ דער ארבעט און ווען ניט אין דער אָנוועזנהײַט פון זײַן באלעבאָס, פאר וועמען ער האָט געמוזט ווײַזן אן אופגעלייגט פּאָנעם, ארומגעגאנגען בייז און געזוכט אין וועמען זיך נוקעם זײַן פאר זײַן געענגטער לאָגע און זײַנע אומדערפאָלגן... ער איז דערום שטילערהייט, אז אין ביוראָ זאָל מען ניט וויסן, צוגעשטאנען צו א רעכטער פארטיי, וועלכע האָט

צוגעזאָגט אויסצובעסערן די לאַגע פון אָט די דרייערס. ער האָט גע־היימערהייט באַזוכט אירע פאַרזאַמלונגען, צוגעשטאַנען אין אַ פרײַען זונטיק־טאָג צו אירע דעמאָנסטראַציעס, און אין אַ שווערן מאָמענט, ווען די לינקע זײַנען מיט שאַרפע לאָזונגען און מיט געווער אַרויס־געטראָטן, אָפּמאָנענדיק זייערס, ווי אָט אין דעם באַוווּסטן שטאָט־טייל באַרמבעק, וואָס אין האַמבורג, אין 23־טן יאָר; און ווען די פּאָ־ליציי האָט פאַרוואָרבן מיטפילנדיקע פון דער ציווילער באַפעלקערונג זיך צו הילף, — האָט אויך ער, אָט דער דרייער, איר אַן אַקסל אונ־טערגעשטעלט, אָנטיילנעמענדיק אין קאַמף און אין די געשלעגן קעגן יענע.

ער האָט זיך אַזוי טיף פאַרפעסטיקט אין זײַן סינע צו זײַנע קעגנער, אַז קיין אַנדער נאָמען האָט בא אים די גאַנצע דעמלטיקע האַלב נאָך דעמאָקראַטישע מעלוכע ניט געהאַט, ווי נאָר „יודען" און „יודענשטאַט", אַזוי ווי די זײַניקע, די „פּאַטריאָטן", האָבן די דעמל־טיקע מעלוכע־אָרדענונג אָנגערופן.

דער צאָרן האָט זיך אין אים נאָך מער צעברענט, ווען ער האָט סאָפּקאָלסאָפּ געמוזט אויך אָנעם „פּאַראַדיז"־בעט, אָנעם קיך־געשיר און אַנדערע שאַלעמויזן כאַסענע האָבן פאַר דער געגאַרטעטער רויט־באַקיקער מויד, פון וועלכער ער האָט אַ לאַנגע צײַט זיך אָפּגעהאַלטן, זיך ניט צורירנדיק צו איר, ווי צו אַן עווענ־טאָוו... גראָד אָבער האָט ער זי יאָ אַן אָנגערירטע געפונען... ער האָט זי שטאַרק אויסגעפּאַטשט פאַר אירע מײַסים־טויווים אָן זײַן וויסן... באַלד אָבער האָט ער זיך מיט איר איבערגעבעטן, באַקומענדיק פון איר אַ געוויסע סומע געלט, וואָס זי האָט שטילערהייט פון אים קאַלעווײַז אויסבאַהאַלטן — ווי ס'ווײַזט אויס, אָפּשפּאָרונגען פון שטילן האַנדל מיט זיך, — און וואָס אָט דאָס אָנגעזאַמלטע געלט אָבער האָט אים געקלעקט אַפ יאָ אויס־שטאַטן די שטוב מיט דעם, וואָס ער אַליין מיט זײַנע פאַרדינסטן האָט ניט געקאָנט דערלאַנגען. ער האָט זיך איבערגעבעטן, אָבער דאָך אינגאַנצן פאַרגעסן האָט ער ניט געקאָנט, און אַלעמאָל, ווען שיקער אָדער פון אַן אַנדער סיבע אויפגעבראַכט, האָט ער זיך אין זײַן שאַנד און אָפּגענאַרטקײַט דערמאָנט, זעענדיק אויך דאָ די האַנט פון יענע שולדיקע אין דײַטשלאַנדס געפאַלענעם קאָוועד פון נאָכן קריג ביכלאַל, ווי אויך ביפראַט זײַן אייגענע געפאַלנקײַט, וואָס ער דאַרף נאָך אַד־איאָם שטיין מיט אַן אָנגעבויגענעם קאָפּ און מיט האַכנאָע פאַרן ייִדישן פּרינציפּאַל, וועלכער פאָדערט, ווי אַלע אַרבעטגעבער, פיל אַרבעט פאַר קליין געהאַלט און דערצו נאָך גרויס געהאָרכזאַמקײַט.

ער האָט דעמ קאָעס אופגעהאלטנ אזוי לאנג, ביז די מאכט איז אריבער צו די זײַניקע, וועלכע האָבנ נאָכ א צײַט דערפריער, נאָכ איידער זיי האָבנ זי ארײַנגעכאפּט, זיכ דערפילט אזוי זיכער אונ פעסט אינ זאָטל, אז זיי פלעגנ שוינ אָפּט ארויס אינ גאס מיט אָפענע געשלעגנ, אָפּמאָנענ וואָס, קלוימערשט, זיי קומט, באוויַזנדיק, אפ וואָס זיי זײַנענ פייִק אונ מיט וואָס פארא מיטלענ זיי דענקענ צומ געגארטנ זיכ דערשלאָגנ אונ אויכ — ווער ס'איז זיי געווונטשנ אינ זייערע רייענ ארײַנצודערוואָרבנ צו ווערנ... ווער? — דער, וואָס וועט זיכ פאר גאָרנישט נישט אָפּשטעלנ אונ וואָס בלוט פארגיסנ איז בא אימ — וואסער כארגיסנ...

אָט דעמלט האָבנ אָנגעהויבנ צו זיי צושטיינ פיל אזוינע, ווי דרייער,—ביז אהער אויסבאהאלטענע אונ פארשטעלטע, וועלכע זײַנענ ג׳יצט געוואָרנ דרייסט אונ די פרעכקײַט האָט זיי פונ פאָנעמ אראָפּגעקוקט, דערפילנדיק דעמ ערעוו-יאָמטעוו פונ דעמ, וואָס קומט אָנ צו זייער גונסטנ. דעמלט האָט זיכ אויכ אונדזער היינריכ דרייער אנטפּלעקט, זיכ דערקלערנדיק אָפנ פאר אנ אָנהענגער פונ יענע, וועלכע וועלנ אָט-אָט אינ זייערע רעכט ארײַנטרעטנ.

אונ אָט האָבנ די זײַניקע טאקע צומ מאכט-טיש זיכ דערשלאָגנ, אונ היינריכ דרייער איז געוואָרנ אָנגעזענ אינ זײַנ פארטיי: פריִער א שטיק אָנפירער אינ איינעמ א ראיאָנ אינ אלטאָנא, איז ער דערנאָכ אריבער אינ דער גרויס-קאָכיקער האנדל-שטאָט, קיינ האמבורג, טראָגנדיק שוינ די געוויסע קליידער-פאָרמ פונ די זײַניקע, אונ דערנאָכ, אז ער האָט זיכ אינ געוויסע שלעגערישע פארטיי-שעליכעסנ אויסגעצייכנט פאר א געניטנ אויספילער, אפ וועמענ מע קאָנ זיכ פארלאָזנ, איז ער אויכ פראָפעסיאָנאל געוואָרנ. ער איז אריבערגעגאנגענ אפ פארטיי-אויסהאלט אונ אפ אזוי ווײַט שוינ אָנגעזעענ אונ צומ גוטנ אָפּגעמערקט, אז אָפּט פלעג מענ אימ שוינ ארויסרופנ אויכ אינ אנדערע מעקוימעס, ווו ס'איז פאָרגעשטאנענ א רעכט קעפ-ברעכעריש שטיקל ארבעט אונ ווו ס'האָט זיכ געפאָדערט א פעסטע האנט אפ דאָס צו דורכפירנ.

ער האָט סאָפּקאָלסאָפּ זיכ אזוי הויכ ארופגערוקט אינ ראנג, אז ער האָט ארײַנגעטראָפנ אזש אינ דער הויפּטשטאָט, אינ בערלינ, ווו די ערשטע צײַט, א סוואָרע, ווענ די זײַניקע האָבנ צו דער מאכט ארופגעשטיגנ, איז אימ פארטרויט געוואָרנ בײַצוזײַנ אונ אָנטיילצונעמענ אפילע אינ אזא געהיימ-געהאלטענער שטיק מעלאָכע, ווי אונטערצינדנ דעמ רײַכסטאג, דערנאָכ אינ אנדערע רויבערײַענ, ביז זײַנ

נאָמען איז לעסאָפּ באוווסט געוואָרן אַלס גאָר-גאָר פּייִק אין איינעם א געביט, אין וועלכן ער האָט זיך גאָר באַזונדערס אויסגעצייכנט, און דאָס איז—אין זײַנע ווילדסטע גרויזאמקײַטן בענעגייע די ייִדן... צוערשט אינעם עפנטלעכן, וועלט-אַבעראשנדיקן ייִדישן פּאָגראָם פון יאָר 38 אין בערלין; דערנאָך, ווען די זײַניקע האָבן זיך א לאָז געטאָן מיט גיר און גרויס-פּרעסערישע אפּעטיטן ארײַנצוכאפּן און צו דעראָ-בערן נײַע לענדער און פעלקער, האָט ער זיך ווידער ארויסבאוויזן דעריקער בענעגייע ייִדן, וועלכע מע האָט אין יענע לענדער, ווי אין עסטרײַך און אין טשעכאָסלאָוואקיע, אָנגעטראָפן. און צום סאָף האָט ער גאָר גרויס כיין און כעסעד געפונען אין די אויגן פון די העכער-שטייענדיקע פּנים אים, ווען די מילכאָמע האָט אויסגעבראָכן, ווען ער איז דערהויבן געוואָרן צום טיטל געסטאפּאָ-הויפּטמאן, וועל-כער האָט געהאט די אופגאבע אײַנצופירן די „נײַע אָרדענונג" אר-מעטום, ווו צוערשט איז די דײַטשישע ארמיי ארײַן, און ווו ער דערנאָך האָט געדארפט פארענדיקן דאָס, וואָס יענע האָבן אָנגעהויבן: יענע — באַצווינגען, ער — דאָס באַצוווגענע אין פעסטע לאַפעס צו האלטן. און דאָ האָט ער ווידער באוויזן, וואָס ער קאָן, באַזונדערס בענעגייע ייִדן.

## IV. די עקזעקוציע

אז דאָס דײַטשישע כאַיל האָט גענומען זיגרײַך שפּאַנען און פאַרויסמארשירן פון דער פּוילישער גרענעץ, טרײַבנדיק די שוין צע-שלאָגענע און מאפּאָלע-לײַדנדיקע פּוילישע ארמיי-טיילן, אזוי האָט זיך בליץ-שנעל צעטראָגן א ידיע פון שטאָט צו שטאָט און פון אָרט צו אָרט, ווו ייִדן האָבן געוווינט, אז דאָס דײַטשישע כאַיל, ווי דאָס כאַיל,—אויך ווײַט פון צאדיקים און גאָר נישט קיין קליינע קוילערס,—נאָר זיי קומען, גייען גלײַך אַוועק, זײַענדיק פארנומען דעריקער מיט זייער אייגנטלעכער מיליטער-זאַכ—מיט טרײַבן דעם סוינע, אָבער נאָך זיי קומט ארײַן די געסטאפּאָ אײַנצובירגערן דעם געוויסן רעזשים, וואָס זיי ברענגען אין זייערע טרייפענע פּאָלעס, און אז אָכ און ווײ איז צו יענע ערטער, וועלכע האָבן פארזוכט דעם טאַם אפילע אפ איין טאָג, אפ איין שאָ מיט זיי זיך צו באגעגענען... זיי ווארפן אָן, פאר אלעמען, א שרעק אפ דער באפעלקערונג, קעדיי צו ווײַזן, מיט וועמען מע וועט דאָ האָבן צו טאָן, אויב מע וועט ניט אויספאָלגן די אלמעגלעכע באפעלן פון דער נײַ-אָנגעקומענער מאכט; און דערום,

איז ווי נאָר זיי טרעטן אַרײַן און שטעלן דעם ערשטן פוס אין א געוויס אָרט, אזוי שטעלן זיי גלײַך אוף טליִעס אַף די עפּנטלעכע ערטער, אַף די שטאָט-פּלעצער, און קאָרבאָנעס, און זיך באָמבלענדיקע קערפּערס טוען שוין אלעמאָל דערנאָך זיי אויספילן.

דאָס דערהערט, האָבן זיך אלע שטעט און שטעטלעך, צו וועלכע דאָס דײַטשישע כאַיל האָט זיך דערנעענטערט, פון די ערטער געגומענע דירן: ווער ס׳האָט געקאָנט, איז אַף פורן, אַף קאָטשנ אוועק; ווער ס׳האָט ניט געקאָנט, ניט בעקויעך זײַענדיק צו צאָלן, איז אוועק צופוס, און דעמלט האָבן זיך אַף אלע פוילישע וועגן, וועלכע ציִען פון מײַרעוו אַף מיזרעך, מיטן פּאָנעם צו דער רוסישער גרענעץ געוועגדט, גאַנצע מאכנעס פּליטים זיך געוויזן: אלט, יונג, ווײַבער, מענער און קינדער — ווער מיט געפּעק, ווער — אָן, אָבער אלע האָבן שוין אויסגעזען, ווי פון דער שווערד געטריבן, מיט פּאַכאַד און צעטומלונג אין די אויגן, וועלכע זיי האָבן אלעמאָל אַף צוריק אויסגעקערעוועט, מוירע האָבנדיק, צי האָט זיי שוין דער סוינע אָט-אָט אין רוקן ניט אָנגעיאָגט.

אז די יעדיִע האָט דערגרייכט אויך צום שטעטעלע מעלעץ, האָט עס געטאָן, ווי אלע שטעטעלעך: אין אײַלעניש זיך פאַרפּאַקט; ווער וואָס ס׳האָט פון נייטיקסטן געקאָנט פּארכאַפּן, האָט פאַרכאַפּט, ווער מער פאַרמעגלעך, איז אַף פורן געפּאָרן, ווער ניט, איז צופוס אוועק. אָבער פאַרנומענע האָבן זיך אלע: אָנהייבנדיק פון אלטן ראָוו פון שטעטעלע, פון ר׳ ארן מאָנעסעס, וואָס האָט שוין קיין קויעך ניט געהאַט צופוס זיך שלעפּן און מע האָט אים, צוזאמען מיטן אלטן שאמעס, אים צו באַדינען, אַף א ווינקל-פור ארופגעפּאַקט, מיט טאַלעס און טפילן און מיט א קליינ טאָרבעלע געטריקנטע וועלשענע ניס, וואָס דער שאמעס האָט פאַר אים פּארכאַפּט ציידע-לאַדערעך; אָנהייבנדיק, ווי געזאָגט, פונעם ראָוו און ענדיקנדיק מיט די לעצטע באַלעבאַטים אין שטעטל, ביז אויך ניט קיין באַלעבאַטים, ביז אלע, אלע, ווער נאָר ס׳האָט געהאַט אָטעם אין די נאָזלעכער און זיך געוואָלט און געקאָנט ראַטעווען.

מע האָט זיך געלאָזט קיין לעמבערג, קיין סטאַניסלאַוו אאַ., מײַנענדיק, וואָס נעענטער אונטערצוקומען צו דער גרענעץ פון רוסלאַנד, וואָס דאָרט, ווי מע האָט געהערט, איז מען מיטן לעבן געוויס געזיכערט. ס׳האָבן זיך געלאָזט אהין אפילע די פריִערדיקע קעגנער פון יענעם לאַנד און פון אלדעם, וואָס דאָרט קומט פאָר צום אומבאַגערטן און אומגעווונטשענעם הייפעך פון זייער באַלעבאַטיש-אייגנטימערישער

האסאָגע, — אפילע אזוינע, וואָס זײַנען פריִער גרייט געווען איבער-
צוגעבן אַן איציקלען אין די הענט פון זייער פוילישער מעלוכע.
דאָס שטעטעלע מעלעץ האָט נאָך געהאַט אַ באַזונדער גרונט צום
אײַליקן אוועקלויפן דערפאַר, ווײַל ווי מע האָט געהערט, איז יענער
ראיאָן אַרײַנגעפאַלן אין די הענט פון אַ גאַר גרויסן געסטאַפּישן
אויסנאַם — אין די הענט פון אַ האָמען שעבעהאָמען און אַ קוילער
שעבעקוילערס, ווי מע האָט געזאָגט. מע האָט זיך אָנדערציילט פון
אים אַזוינס, אַז אַ סקרוך איז דורך דאָס לײַב... מע האָט דערציילט,
אַז די, וואָס קומען פון אים אַרויס לעבעדיק, לויפן אַרום דולע איבער
די גאַסן, אַז אויסער די שכיטעס, וואָס ער אָרדנט אײַן, טוט ער
נאָך אָן פיל שגנדלעכקײַט צו גאָר גרויס אָנגעזעענע לײַט, וועלכע
ער פאַקט אַרײַן. אָט האָט ער אין איינער אַ שטאָט געצוווּנגען אַ ראָוו
אומפאָרן איבער די גאַסן מיט אַ נאַכט-טאָפּ אָפן קאָפּ. אין אַ צווייטער
שטאָט, אויך אַ ראָוו — צו שטיין און בײַזײַן, בײַם איינער אַ
זעלנערישער מענגוול האָט זײַן ווײַב פאַרגוואַלדיקט, און נאָך, און נאָך.
ווײַל יאָ, ווײַל דאָ האָט זיך געהאַנדלט וועגן דעם אונדז שוין
באַוווסטן געסטאַפּאָ-הויפּטמאַן, היינריך דרייער, וועלכער האָט, קומען-
דיק קיין פוילן, זיך ערשט רעכט די הענט צעפּירט...
ס'איז דערום קלאָר, פאַרוואָס דאָס שטעטעלע מעלעץ האָט גרונט
געהאַט צום מער גרעסערן אוועקײַלן און לויפן.

---

ס'האָט זיך געמאַכט אַזוי, אַז אַרויס און פאַרלאָזט דאָס שטעטעלע
האָט די יידישע באַפעלקערונג פון מעלעץ אַ טאָג פאַר ערעוו-יאָם-
קיפּער, ווען דער דײַטשישער אָנגריף האָט זיך אהין דערנעענטערט,
און אומגעקערט צוריק אין שטעטעלע האָט זי זיך אָפּ מאָרגן, שוין
שפּעט נאָך האַלבן טאָג. — פאַרוואָס צוריקגעקערט? — ווײַל דאָס דײַ-
טשישע כאַיל איז דעם שטעטעלע פון די פלאַנגען פאַרגאַנגען, און
באַגעגענענדיק די גאַנצע מאַכנע פּלייטים פאָרער און צופוסגייער, מיט
ווײַבער, קינדער, אַלטע לײַט, און מיטן אָרעמען, אין אײַלעניש קוים-
צונויפגעקליבענעם ביסל סקאַרב, איז איר איינער אַ דײַטשישער מאָ-
טאָציקליסט אין פּאָנעם פאַרלאָפן און אַ געשריי געטאָן: „צוריק!"
זאָלן זיי, די פּלייטים, הייסט עס, דעם דײַטשישן כאַיל פאַר די פיס
זיך ניט פּלאָנטערן און נישט שטערן דעם פאָרויסמאַרש אָפּ די וועגן
און צו די יישווים, וועלכע ס'שטייט זיי פאָר באַלד אײַנצונעמען
און באַזיגן.
דאָס שטעטעלע האָט פאַרקערעוועט, נישט האָבנדיק שוין די מעג-

לעכקײט אָנצוקומען אין א נאָענטן, גרעסערן ייִשעוו, צו וועלכן זיי
האָבן געצילט און געצויגן, מיינענדיק דאָרט אָפּרוען, איבערנעכטיקן
און געפינען קויעך אַפ דערנאָך ווײַטער לויפן.

מ׳איז אהיים געקומען שוין פארנאכט, שוין א קליינע שאָ פאר
קאָלנידרע. דער שאמעס איז גלײַך אוועק אין שול און גענומען גיסן
גאז אין די לאָמפּן און אויסגעפינען ליכט צום אָנצינדן. דער אוילעם
האָט ניט באוויזן איבערצוכאפּן און צו פארפאסטן. און דער ראָוו,
ר׳ ארן מאָנעסעס, ווען מע האָט זיך צו אים געווענדט און געבעטן
א דערלויבעניש—דאָס מאָל, אלס אויסנאם, א ביסל אָפּלייגן און פאר-
שפּעטיקן מיטן קאָלנידרע,—האָט א זאָג געטאָן הארב און באפוילעריש,
נישט וועלנדיק מער ווײַטער הערן:

— ניין! סע יאָמקיפּער... און אדעראבע, הײַנט איז א צווייען-
דיקער יאָם-האדינ.

און בעעמעס, ווי די ייִדן האָבן זיך, נאָכן לאנגן צוויטאָגיקן אום-
וואָגלען, נאָכן ארויס פון שטעטעלע און צוריק ארײַן, אין שול זיך
פארזאמלט און גענומען צוטרעטן צו די טפילעס, ווי מע דארף, אזוי
האָט זיך באלד א קלאנג צעטראָגן, אז פון דער צווייטער זײַט שטע-
טעלע, פון דער אנטקעגנאיבערדיקער, פון דער, דורך וועלכער מע האָט
זיך נאָרוואָס אומגעקערט, פון דער מיזרעך-זײַט, זײַנען שוין ארײַן
די געסטאפּאָ-טיילן, אַפ וועלכע מע האָט געווארט און מיט אזא פּאכעד
ארויסגעקוקט.

ייִדן זײַנען אין שול געבליבן. קיינער איז אין דרויסן ניט ארויס.
א טויט-בלאסקײַט האָט זיך אָנגעזוען אַפ די פּענעמער פון אלע דאווע-
נער אין די טאלייסים, און א גרויס פארלוירנקײַט האָט זיך ארויס-
געפילט פון צווישן אוילעם, בא וועלכן די געדאנקען האָבן זיך גע-
מישט און נישט געלאָזט הערן נישט דאָס, וואָס דער כאזן זאָגט,
און נישט דאָס, וואָס זיי אליין זאָגן. א גרויס געוויין האָט זיך
פלוצלעם פון דער ווײַבערשער שול ארויסדערהערט, וואָס איז באלד
אריבער אין א יעלאָלע, און באלד איז זי אויך פון דער ווײַבערשער
שול אין דער מאנצבלשער אריבער...

ס׳ניט געווען אומזיסט: ווײַל ווי נאָר מע האָט דעם קאָלנידרע
פארענדיקט און די שמוינעסרע אויסגעשטאנען, און דער כאזן האָט
באדארפט צוטרעטן צו די „יאאלעס״, אזוי האָט זיך ווידער א קלאנג
צעטראָגן, און מויל צו מויל האָט איבערגעגעבן: — געהערט?.. מע
שטעלט שוין אוף טליעס אין מארק... ר׳ ארן, דער ראָוו, אז מע איז
צו אים צוגעטראָטן מיט אָט דער יעדיע, אים זי דערציילנדיק, און

פאָרלײגנדיק, אז מע זאָל די טפילעס איבערײַסן און זען זיך האלטן אן אײצע, — האָט מיט דער האנט א מאך געטאָן: — אי, נו... זאָל מען פאָרזעצן, — האָט עס געהײסן, — טפילע איז טפילע, און די אײצע וועט מען שוין זען דערנאָך, ווען מע וועט ענדיקן... דער כאזן, וואָס אויך צו אים איז די יעדיִע דערגאנגען, האָט זיך גענומען מיט דער טפילע ווארגן: יעלה תחנוננו מערב[1], — האָט ער זיך שטארק צעוויינט, און דער אוילעם האָט מיטגעוויינט.

ווײַל, ווירקלעך, פון מארק, וואָס ניט ווײַט פון שול, האָט זיך באלד טאקע דערהערט א דײַטלעך-הילכיק קלאפן פון העק אין באלקנס און אין ברעטער, און ווײַסנדיק, וואָס דאָרט קומט פאָר, האָט יעדער אײנער געקאָנט קלערן: ווער ווײסט, וואָס הײַנטיקן ראָשעשאָנע איז אים אָנגעשריבן געוואָרן און וואָס איצט, יאָמקיפער, ווערט אים גע-כאסמעט.

נאָכן ענדיקן די טפילעס, האָט מען זיך אויך דערוווסט, ווער ס'איז אין שטאָט ארײַן. איז טאקע יאָ, יענער, דער געוויסער קוילער.

יענעם אפדערנאכט אָבער איז גאָרנישט ניט געשען. יענער האָט דאָך צוערשט באדארפט באקומען יעדיִעס וועגן די, אף וועמען זײַן ערשטער צאָרן זאָל זיך אויסגיסן און זײַן הענקער-האנט—אראָפּלאָזן.

מע האָט זיך דערוווסט צוערשט וועגן ראָוו פון שטאָט, וועגן שטארק-פרומען און געאכטעטן מאן אין דער קעהילע און אויך וועגן זײַן אײניקל איציקלען, וואָס ווי מע האָט איבערגעגעבן, איז ער א שטיק הויפט און אָנפירער פונעם שטעטלס יוגנטלעכע לינקע, און אז בא דער פוילישער מאכט איז ער, איציקל, נישט געקוקט אף זײַן יוגנט, שוין אײנמאָל פאר קעגנמעלוכישער טעטיקײַט אָפּגעזעסן, און דאָס האָט דאָך יענער באדארפט: אי א פאָרשטײער פון ייִדן, אי א פארהאסטער „מארק-סיסט”, דורך וועמען ער, דער געסטאפּאָ-הויפטמאן, וועט דער באפעל-קערונג פון שטעטעלע קאָנען די ערשטע, בעסטע און אָנשוילעכע לעקציע געבן.

יענער, דער הויפטמאן, האָט שוין גלײַך אין אָוונט געזאָלט צו דער מעלאָכע צוטרעטן און געבן א פאראָרדענונג, מע זאָל פארנעמען אלע יענע, וועלכע ער האָט שוין אין זײַן שווארצן צעטל פארצײכנט געהאט. א קלײנער אָפּהאלט צום באלדיקן ארויסגעבן די פאראָרדענונג איז נאָר געווען דאָס, וואָס ערגעץ ניט ווײַט פון שטעטל האָט זיך אין יענעם אָוונט עפּעס א שיסערײַ דערהערט, — צי פון א גאנצן

[1] יאלע טאכאנונײנו מײערעוו — זאָל אופגײן אונדזער געבעט פון אפדערנאַכט. — (א. וו. ט.)

פּוילישנ טייל, וואָס איז פארבליבנ אָפּגעריסנ פונ דער אנטלויפנדיקער פּוילישער ארמיי, צי בלויז פונ א קליינ הײַפּעלע פארשטעקטע פּוילישע פּאטריאָטנ, וועלכע האָבנ, אפ אייגענער אכרײַעס אונ אָנ שומ פארבינדונג מיט קיינעמ, געשאָסנ. דאָס איז געווענ א שטיקל שטער אונ אָפּהאלט, וואָס האָט געצווונגענ דעמ געסטאפּאָ-אָפּטייל זיכ אָפּצושלאָגנ פונעמ אָנפאל, איבערצולעבנ אנ אומרויִק שטיקל נאכט, ארויסשיקנ וואכ אינ אלע שטעטלשע עקנ, ביז מע האָט זיכ לעסאָפ ניט בארויִקט, איבערצײַגנדיק זיכ, אז ס'איז גאָרניט, אז ס'איז קיינ געפאר אונ אז מע האָט דאָ טאקע צו טאָנ געהאט בלויז מיט איינצלנע, געציילטע אופשטענדלער, אונ נישט מיט קיינ גאנצנ מיליטערישנ טייל.

דעמלט האָט מענ זיכ צו דער אייגנטלעכער ארבעט גענומענ. מע האָט לויטנ צעטל באלד פארנומענ וועמענ מע דארפ, אונ בעסויכעמ אויכ איציקלענ, דעמ ראָווס איינִיקל, וואָס מע ווייסט ניט, צי ווענ דאָס גאנצע שטעטל איז ארויסגעלאָפנ, איז ער מיטגעלאָפנ אונ מיטנ צוריקגעקערטנ שטעטל זיכ צוריק אומגעקערט, צי ניינ, צי ער האָט דאָ געהאט א געוויסע ארבעט אונ שליכעס אויסצופילנ... מע ווייסט ניט... אָבער גענומענ האָט מענ אימ. אונ א סוואָרע, אז ער איז דער ערשטער אפנ פארהער געשטעלט געוואָרנ טאקע פאר יענעמ, פארנ הויפּטמאנ אליינ, אונ ער, איציקל, האָט דער ערשטער שוינ דעמ געוויסנ פּרוּוו באדארפט בײַשטיינ, ווענ מע האָט זיכ בא אימ געפּרוּווט דערוויסנ, ווער די כאוויירימ אונ מיטגייער זײַנע זײַנענ, ווער — די העכער-שטייענדיקע פונ אימ, מיט וועמענ ער האלט פארבינדונג אונ פונ וועמענ ער אליינ, הייסט עס, ווערט אָנגעפירט.

קיינ וואָרט, קיינ מינדסטס האָט מענ זיכ בא אימ ניט דערשלאָגנ, נישט ארויסגעצויגנ, אונ דערפאר האָט ער, איציקל, שוינ בייסנ אויספרעג ביטער געליטנ. ער איז ארויס א צעשלאָגענער מיט א הארטלעכנ גומי-שטעקנ, וואָס דערלאנגט ווייטעקלעכער, ווי ווענ מע שלאָגט מיט אײַזנ, אונ אפ אלע געשלאָגענע ערטער זײַנענ אימ געבליבנ סימאָנימ פונ רויט-בלאָווע געשווילעכצ, מיט בלוט פארלאָפנ, אונ באזונדערס, אפ זײַנ פּאָנעמ, ווו מע האָט אימ פיל מאָל שווער דערלאנגט.

איציקל האָט זיכ געהאלטנ הארט-געשלאָסנ אונ שטאנדהאפטיק, אנדערע אָבער, מער שוואכערע, האָבנ שטארק געשריגנ... דאָס שטעטעלע איז יענע נאכט ניט געשלאָפנ, כאָטש מע איז איבערגעקומענ מיט א גאָט-זײַ-דאנק דעמ אָוונט בעשאָלעמ, אָבער וויסנדיק פונ די טליִעס, וואָס זײַנענ אופגעשטעלט אינ מארק, האָט בא יעדערנ דאָס הארצ געציטערט. ביפראט, אז מע האָט סאָפ נאכט דערהערט די גע-

שרייענ אונ גוואלדנ ארויסקומענ פונ יענער געבייַדע, וועלכע די אָנגעקומענע געסטאָפּאָ-לייַט האָבנ פאַרנומענ אינ מיט שטאָט אונ וווהינ מע האָט צוערשט אַרעסטירטע געבראַכט אונ די ערשטע געוויסע אויספּרעגנ אַדורכגעפירט. דאָס דערהערט, האָט שוינ אַוואַדע קיינער אינ שטעטעלע מיט קיינ אויג ניט צוגעמאַכט. אונ אַוואַדע אונ אַוואַדע ניט — דער ראָוו פונ שטעטל, ר׳ אַרנ מאָנעסעס, וואָס פלעג סייַווי אַלע יאָרנ אינ אָט דער נאַכט אופ זייַנ, האָבנדיק פיל צו טאָנ, זיכ צו מיִענ פאַר זיכ אַליינ, ווי אויכ פאַר דער גאַנצער אײַדע, וועלכע ער האָט אַפּנ קאָפּ געהאַלטנ זיכ פאַר איר אייַנצושטעלנ אינ הימל. אונ באַזונדערס הייַנט, דאָס מאָל, בלייַבנדיק אינ שול, האָט ער זיכ קימאַט ניט צוגעשפּאַרט אַפּילע, וואַרטנדיק אָפּ טאָג, ווענ דער אוילעמ וועט מיט די ערשטע זונ-שטראַלנ אינ שול זיכ ווייַזנ, קעדיי צו נעמענ זיכ פאַר דער אַווידע, צו די טפילעס פונ טאָג...

ס׳איז טאַקע אַזוי געווענ: ווי נאָר די ערשטע זונ-שטראַלנ האָבנ זיכ אַפּנ ווייַטנ הימל-ראַנד געוויזנ, אַזוי האָט זיכ דער גאַנצער שטעטלדיקער אוילעמ אינ שול געגנמוענ לאָזנ — אי פאַר מוירע פאַרנ יאָמהאַדינ, אי אויכ דערפאַר, וואָס אינ דער היימ איז שטאַרק אומהיימלעכ געווענ צו בלייַבנ אונ מע האָט זיכ געייַלט צונויפקלייַבנ אַהינ, ווו צווישנ קאָהאָל אונ אײַדע, האָט זיכ געדאַכט, איז די געפאַר ניט אַזוי גרויס אונ ווו אַלעמענס גאָט איז שטאַרקער אונ דערבאַרעמדיקער, ווי יעדנ אײַנעמס באַזונדער.

מע האָט זיכ גלייַכ געווענדט צו ר׳ אַרנענ, אונ ר׳ אַרנ האָט באַפוילנ זיכ גלייַכ שטעלנ צומ אָמעד; פונ קיינע זאַכנ האָט ר׳ אַרנ ניט געוואָלט הערנ אונ ניט וויסנ. אונ ניט געקוקט אָפּ זייַנ אויסערגעוויינלעכער שלאַבעריקייַט פונ די לעצטע טעג פונ אַרויס פונ שטעטל אונ צוריק אַרייַנ אינ שטעטל; נישט געקוקט אויכ אָפּ אַלע יעסורימ, וועלכע מע האָט פונ גאַנצנ אוילעמס פּענעמער אַראָפּגעלייענט, אי בעשאַס מע האָט, שמועסנדיק צווישנ זיכ, די לאַגע באַהאַנדלט, אי אויכ בעשאַס מע האָט געשוויגנ, נישט האָבנדיק אײנער דעמ אַנדערנ וואָס צו זאָגנ; נישט געקוקט דערופּ, האָט ר׳ אַרנ דאָס אַלצ ווי מיט דער האַנט אָוועקגעמאַכט, גלייַכ ס׳גייט אימ ניט אָנ אונ גלייַכ דאָס אַלצ דאַרפ אינ אַ זייַט אָפּגערוקט ווערנ פאַר עפּעס גרעסערס אונ מער וויכטיקערס, וואָס אָט באַלד, הייַנט, שפּעטער קאָנ דאָ געשענ...

ר׳ אַרנ האָט אויסגעזענ אַפּילע מער אופגעלעבט אונ רירעוודיקער ווי אַלעמאָל. עפּעס האָט מענ, דאַכט זיכ, באַ אימ געזענ אַפּילע אַ ביסעלע פאַרב אינ פּאָנעמ, ווי ס׳פלעג זיכ אימ מאַכנ בלויז אָפּ אַ

סעודאס-מיצווע, ווען ער האָט געגומען א קליין ביסעלע מאַשקע, ווײַן אָדער בראנפן, אפּ צו מאכן די בראָכע „האגעפען" אָדער „שע-האקל"...

ווונדערלעך: ר' ארנ האָט זיך דאָס מאָל ארויסגעוויזן אפילע עפּעס מער טיכטיקער, ווי מע איז די לעצטע יאָרן אים געווינט געווען צו זען — א פארדימיענטן און אן אָפּגעזײַטיקטן, ער האָט דעם אוילעם נישט געלאָזט רעדן און דערציילן, וואָס יעדערער האָט, נישט שלאָפנדיק די נאכט, איבערגעלעבט, ארויסהערנדיק די געשרייען פון דער געוויסער געבײַדע, און אפילע ניט געוואָלט הערן, וואָס מע האָט אים אליין געגומען דערציילן: — נישט, נישט, — האָט ער גע-זאָגט, — מע דארף נישט... כאזן, — האָט ער זיך צום כאזן א ווענד געטאָן, — ס'צײַט... שאכרעס...

און באלד טאקע, בא דער ערשטער, נאָך האלב-שוואכער זונען-שײַן, וואָס האָט שווערלעך דורך די פארנונקלטע שול-פענצטער ארײַן-געקוקט, האָט דער כאזן, צוטרעטנדיק צום אָמעד, זיך גענומען צו וואָס מע דארף. דער אוילעם האָט, ארײַנקומענדיק אין דאוונענדיקן ראש, א ביסל זיך דערוואָרעמט און פארגעסן... ס'האָט אזוי א גוטע פּאָר שאָ געדויערט, ביז מע האָט דעם שאכרעס פארענדיקט, אופ־געהיצט פונעם פרימאָרגן, וואָס האָט מיט סאָפּ-זומערדיקער זון אין שול ארײַנגעקוקט, ווי אויך פון די טפילעס, וועלכע האָבן זיך אָנגע-הויבן פונעם פײַערלעכן „אדוין-אוילאָם" און וועלכע האָבן וואָס ווײַטער דעם אוילעם אלץ מער מוט און געשטארקטע האָפענונג אין בוזעם ארײַנגעבראכט.

און אָט האָט מען שוין געהאלטן באם שאכרעסדיקן לייענען. ר' ארנ דער ראָוו, וואָס איז די גאנצע צײַט געשטאנען אפּ זײַן בא-שטענדיק אָרט, לעבן אָרנקוידעש, האָט שוין דעם פאָרויכעס פארוקט און די טירלעך פון אָרן געעפנט, ארויסצונעמען די סייפער-טוירע, ווי ס'פירט זיך. דאָס מאָל, ווי אלע יאָר ס'איז אין יענער שול אײַנ-געפירט געווען, האָט מען באדארפט ארויסלייענען פון איינעם א גאָר אלט-געשריבענעם קליינעם סייפער, וואָס מאכמעס זײַן גרויס כשיוועס און עלטער האָט מען אים ניט גענוצט אפילע שאבעס-יאָמטעוו, אויסער איין מאָל אין יאָר, אום יאָמקיפּער. ר' ארנ האָט אים ארויסגענומען און שוין געזאָלט איבערגעבן דעם כאזן, יענער זאָל מיט אים צו דער בימע זיך לאָזן...

אָבער פּלוצעם האָט זיך פון לעבן דער טיר פון שול עפּעס א שטילער ראש און א דערוואָרגענער טומל דערהערט. און פּלוצעם האָט

מען אפֿ דער שוועל אייניקע דײַטשישע סאָלדאַטן מיט ביקסן אַרופֿ־טרעטן דערזען. די סאָלדאַטן זײַנען אַרײַן אינעם גלײַך צום אָרנקוידעש אַרופֿ. און אַזוי ווי ר' אַרן האָט די טוירע געהאַלטן, גרייט דעם כאָזן זי איבערגעבן, אַזוי האָבן זיי אים ניט דערלאָזט דערצו און אים באַפֿוילן, ער זאָל זיי נאָכגיין מיט איר. ר' אַרן האָט, פֿאַרשטייט זיך, געפֿאָלגט די באַוואָפֿנטע סאָלדאַטן, און ווי ער איז אַזוי אַפֿ דער שוועל געקומען, אַזוי האָט זיך פֿון איינעם אַן עלטסטן פֿון דעם סאָלדאַטן־טייל אַ צווייטער באַפֿעל דערהערט: „אַרויס! אַלע אַהער!..״ אַלע צו־זאַמען, און ווי מע שטייט און מ'גייט, אין די טאַלייסים אָנגעטאָן, זאָל מען די שול פֿאַרלאָזן.

און דאָ איז שוין געווען דאָס עמעסע בילד צו זען: וויאַזוי ר' אַרן, דער אַלטער ראָוו פֿון שטעטל, איז, אין דרויסן און פֿאַר דער שול אַרויסקומענדיק, פֿאַר זײַן גאַנצער איידע אַוועקגעשטעלט געוואָרן, מיט דער קליינער, אַלט־געשריבענער סייפֿער־טוירע אין די הענט, אָנגעטאָן אין קיטל, פֿון אויבן דעם טאַלעס און אַפֿן קאָפּ בלויז די יאַרמעלקע, ווי מע טראָגט אין שול... אַלע, סײַ די מענער פֿון דער מענערשער שול, סײַ די ווײַבער — פֿון דער ווײַבערשער, וואָס זײַנען אויך אַהער אַרויסגעטריבן געוואָרן, זײַנען געשטאַנען פֿאַרשטומט אָן אַ וואָרט צו זאָגן. באַ ר' אַרענען האָט זיך אַ ביסל דער טאַלעס פֿון די אַקסל אַראָפּגערוקט, מאַכמעס מע האָט אים קיין צײַט געגעבן זיך אומצוקוקן און זיך בעסער אויסריכטן. דער אַלטער שאַמעס, וואָס האָט זיך גראָד געטראָפֿן לעבן ר' אַרענען, האָט אים גענומען העלפֿן. ר' אַרן האָט מיט דער לינקער האַנט איין זײַט טאַלעס צוגעהאַלטן, און מיט דער צווייטער, מיט דער רעכטער, האָט ער די סייפֿער־טוירע אײַנגעוויקלט, האַלטנדיק זי, ווי מע האַלט אײַנגעוויקלט אַ קינד, טו־ליענדיק דאָס פֿאַר קעלט.

און דאָ איז ווידער אַ באַפֿעל געקומען: — פֿאָרויס מאַרשירן! — ר' אַרן צוערשט און נאָך אים די גאַנצע איידע... דאָ אָבער איז אַ קליינער אָפּהאַלט פֿאָרגעקומען. פֿון איינער אַ זײַט פֿון דער שול איז אַן אַנדער סאָלדאַטן־טייל מיט איינעם אַן אַרעסטירטן אָנגעקומען, און ווי דער שול־אוילעם האָט דערזען דעם אַרעסטירטן, אַזוי האָבן אים אַלע דערקענט, אַרויסברענגענדיק עפּעס אַ ווילד־אויפֿגעהאַלטענעם קרעכץ באַ דער דערקענונג: איציקל, דעם ראָוו ר' אַרנס אייניקל, איז פֿון דעם צווייטן סאָלדאַטן־טייל געווען געפֿירט. און דאָ ווייסט מען ניט, צי ס'איז פֿון פֿאָרויס אַזוי פֿאַראָרדנט געווען, צי ס'איז צופֿעליק פֿאָר־געקומען אָט די באַגעגעניש (גיכער צו דערלאָזן דאָס ערשטע, ווי

דאָס צווייטע), — נאָר ווי דער צווייטער סאָלדאטנ-טייל האָט דערזענ
דעמ אוילעמ בא דער שול, ווי אנ ענג-צונויפגעדריקטע הורטע שאָפ
שטייענדיק, אזוי זײַנענ זיי מיט זייער ארעסטירטנ צו די שול-לײַט
צוגעקומענ — אהינ צומ פונפאָרנט פונ דער איידע, דאָרט, ווו ר׳ ארנ
דער ראָוו איז פאָרויס געשטאנענ.

אונ דאָ ווידער איז פאָרגעקומענ די באגעגעניש פונעמ זיידנ מיטנ
אייניקל. איציקל, וואָס האָט געוויס געוווסט, אָדער זיכער זיך אָנגע-
שטויסנ, וווהינ ער ווערט געפירט אינ יענעמ פרימאָרגנ נאָכ דער נאכט
פונ פײַניקונג, האָט, דערזעענדיק דעמ זיידנ מיט דער טוירע אינ די
הענט, ארויסגעפירט אפ בושע אונ ביזאָיענ, אונ עפשער אויכ אפ
ערגער — אפ דעמ, אפ וואָס ער, איציקל, אליינ ווערט געפירט, —
האָט פונ גרויס ראכמאָנעס צומ זלטנ מער פונ מויל ניט געקאָנט
ארויסברענגענ ווי נאָר דאָס וואָרט „זיידע!..״ אויכ ר׳ ארנ פונ זײַנ
זײַט האָט, דערזעענדיק איציקלענ, לעכאטכילע אימ ניט דערקענט,
אי פונ צעטומלונג, אונ אי אויכ פונ דעמ, וואָס איציקלענ איז בי-
כלאל ניט געווענ צו דערקענענ, מאכמעס אייניקע ערטער אינ פאָנעמ
זײַנענ אימ געווענ שטארק צעשלאָגנ אונ ברוינ אונ בלאָוו אופגעלאָפנ;
אָבער דערהערנדיק דאָס וואָרט „זיידע״ פונ יענעמס מויל ארויסקומענ,
האָט ער זיכ בעסער אײַנגעקוקט אונ נאָכ א קליינ-ווײַליקער אָנשטרענגונג
איז אויכ ער מער ניט בעקויעכ געווענ ארויסצוזאָגנ, ווי נאָר דאָס
וואָרט „איציקל!..״ אז ער האָט אפ אימ נאָכ א קוק געטאָנ, האָט ער
אויכ דערזענ, ווי אפ איציקלס ברוסט איז עפעס א בילד אפ א שטריקל
פונ איבער האלדז ארואָפגעהאנגענ פונ עפעס איינעמ אנ אומבאקאנטנ
מענטשנ מיט א קלוג-אָפנ פאָנעמ, אינ א פאָשעטנ אָנצוג אונ א ביסל
א צעקנייטשטנ היטל... דאָס איז, אגעוו געזאָגט, געווענ א לעני-
פאָרטרעט, וואָס איציקל האָט נאָכ פאר דער פוילישער מאכט געהאט
אויסבאהאלטנ צוזאמענ מיט אנדערע זאכנ, פארבאָטענע אינ פוילנ, אונ
וואָס נעכטנ, בײַס דער אונטערזוכונג אונ ארעסט פונ איציקלענ, האָט
מענ בא אימ געפונענ, אונ צוליב פאראד אונ אָנשוילעכקײַט, וואָס
דער געסטאפישער הויפטמאנ האָט אײַנגעאָרדנט, האָט מענ אימ איצט
מיט דעמ די ברוסט באצירט... אויכ אלע, אויסער ר׳ ארענענ, האָבנ
דאָס נאָכ פריער אפ איציקלענ דערזענ...

אונ דאָ האָט ווידער איינער אנ אָנפירער שוינ פונ די פארייניקטע
סאָלראטנ-טײלנ א באפעל געגעבנ: איציקלענ לעבנ ראָוו זיכ שטעלנ,
ביידע צוזאמענ זאָלנ האנט בא האנט גיינ אונ אלע איבעריקע זאָלנ
זיי הינטנ נאָכשפאנענ.

דער גאַנצער אוילעמ איז געגאַנ, ווי צו דער שכיטע געפֿירט, האָבנדיק בעראָש דעמ ראָוו ר׳ ארענענ אינ קיטל אונ אינ טאַלעס אָנגעטאָנ אונ מיט דער סייפֿער-טוירע אינ די הענט, אונ איציקלענ, זײַנ אייניקל, בײַ זײַנ זײַט, א צעשלאָגענעמ אונ מיט דעמ בילד אַפּ דער ברוסט.

מע האָט זיכ געלאָזט צומ מארק-פּלאַצ, פונ ביידע זײַטנ באגלייט פונ סאָלדאטנ, וועלכע האָבנ די באגנעטנ צומ אוילעמ געווענדט געהאלטנ, גרייט אינ די רוקנס אונ אינ די זײַטנ שטעכנ, ווענ ווער פונ אוילעמ זאָל וואגנ א פוס פונ דער שערענגע ארויסשטעלנ.

בײַ ר׳ ארענענ האָבנ זיכ בײַ די ערשטע טריט פונ מארש די אויגנ צוגעשלאָסנ אונ אימ געמאכט ניט זענ אונ ניט מערקנ ניט וועמענ ער האָט בײַ זײַנ זײַט צו גיינ — איציקלענ, אונ ניט די גאנצע איידע אונטער זיכ — אימ נאָכשפּאנענ... די אויגנ צוגעמאכט, אונ די ליפּנ האָבנ אימ אליינ פונ זיכ גענומענ שעפּטשענ עפּעס א געמיש פונ פּסוקימ פונ טילעמ, אָפּגעריסענע שטיקלעכ פונ הײַנטיקע יאָמקיפּערדיקע טפילעס, ווי אויכ געוויסע אויסצוגנ פונ דער מישנע „יומאָ", וועלכע האָבנ א שײַכעס צומ הײַנטיקנ טאָג. ווער ס׳וואָלט אַנ אויער צוגעלייגט צו ר׳ארענענ, וואָלט פונ זײַנע ליפּנ אראָפּ דערהערט:

— שפטני אלהים וריבה ריבי מגוי לא חסיד...

— סלח לעם קדוש ביום קדוש, מרום וקדוש...

— אמר ר׳ עקיבא: אשריכם ישראל לפני מי אתם מטהרין, מי מטהר אתכם? — אביכם שבשמים...[1]

ר׳ ארנ האָט, אזוי שפּאנענדיק מיטנ טאַלעס אונ קיטל אונ מיט דער סייפֿער-טוירע צו דער ברוסט צוגעטוליעט, זיכ אזוי פארגעסנ, אז ער האָט ניט געוווסט, ווו ער איז, ווו ער געפֿינט זיכ אונ צי די פיס גאָר גייענ אימ, — אזוי לאנג, ביז מע איז, נאָכ לענגלעכנ גאנג, אינ מארק אָנגעקומענ אונ ער האָט פּלוצעמ די אויגנ אַנ עפנ געטאָנ אונ דערזענ פאר זיכ דאָס, וואָס איז שווער געווענ ניט צו זענ, —

---

1 מישפּעט מיכ, אָ גאָט, אונ באשיצ מיכ אינ קריג מיטנ פאָלק דעמ אומערלעכנ (טילימ).

פארגיב דעמ פאָלק דעמ הייליקנ אינעמ טאָג דעמ הייליקנ, דו הימל-הויז הייליקער (טפילע).

זאָגט ר׳ אקיווע: וויל אײַכ, קינדער פונ יִסראָעל, פאר וועמענ רייניקט איר זיכ, ווער רייניקט אײַכ? — אײַער טאטע אינ הימל (יומאָ) — (באמערקונגענ פונ אווטאָר).

דאָס, וואָס מע האָט נעכטן באַנאַכט אינמיטן פּלאַץ אוועקגעשטעלט...
ער האָט דערזען, ווי אַף איינע זייט פֿון אויפֿגעשטעלטן איז עפּעס אַ פֿרעמד-לעכער אוילעם געווען פֿאַרזאַמלט, און דאָס איז געווען די ניט-ייִדישע באַפֿעלקערונג פֿון שטעטל, וועמען דער געסטאַפּישער הויפּטמאַן, דער איצטיקער אַלייןהערשער פֿון שטעטל, האָט אַהער אַף דער פֿאָרשטעלונג צונויפֿגעטריבן, מע זאָל זען, אַז וואָס היינט, באַלד וועט געזאָגן ווערן בלויז מיט אייניקע סאָנים פֿון דער מאַכט, וועט מאָרגן, שפּעטער געטאָן ווערן מיט אַנדערע, וועלכע וועלן זיך דערצו דערדינען.
און ווידרקלעך. אַפֿן מאַרק, בײַ דער צווייטער זײַט טליִע, האָט זיך אַליין דער הויפּטמאַן, דער אונדז באַוווּסטער היינריך דרייער, געפּוצעט, אַרומגערינגלט פֿון אַ בינטל אויך אַזוינע, ווי ער, געסטאַפּאָ-לײַט, אָפּיצערן אַא. בײַ היינריך דרייער איז דאָס פּאָנעם היינט געווען ביין-אָנגעדראָלן פֿון דער שלאָפֿלאָזער נאַכט, וואָס ער האָט מיט די זײַ-ניקע פֿאַרבראַכט, אָפּשלאָגנדיק זיך פֿון דעם פֿלוצעמדיקן אָנפֿאַל, וואָס איז ערגעץ אונטערן שטעטל פֿאָרגעקומען, ווי אויך בײַיזײַענדיק בײַ די פּײַניקונגען בייסן אויספֿרעגן די אַרעסטירטע, מיט וועלכע ער, דער הויפּטמאַן אַליין, האָט דערהויפּט אָנגעפֿירט. די בייזקײַט האָט זיך אָנ-געזען אַף זיין פּאָנעם און אַפֿן שראַם, וואָס איז אים געבליבן אַ דעשטל פֿון אַן אַמאָליקן האַק, און וואָס יעדעס מאָל, ווען ער איז צערודערט און אויפֿגערעגט, האָט דער שראַם זיך אים בײַ ונדערס צע-רויטלט, נישט געקוקט, וואָס ער האָט אים אָפּט דעמאָלט געפּודערט...
ער האָט איצט גרייט געהאַלטן עפּעס אַ פּאַפּיר צום פֿאָרלייענען פֿאַרן פֿאַרזאַמלטן אוילעם, באַזונדערס פֿאַר דעם פּוילישן טייל באַפֿעלקערונג, איידער מע וועט אָט באַלד צוטרעטן צו דעם, וואָס מע דאַרף, — צו דער עקזעקוציע.
און אָט איז דער ייִדישער טייל באַפֿעלקערונג, מיטן ראָוו און זײַן אייניקל בעראָש, צום ריכטיקן אָרט געבראַכט געוואָרן. אַ באַפֿעל איז באַלד אָפּגעגעבן געוואָרן, אַז אַלע ייִדן, אויסער די צוויי פֿון פֿאָרנט-גייענדיקע, אויסערן ראָוו מיט זײַן אייניקל, זאָלן אין אַ זײַט אָפּגיין, אין דער אַנטקעגניבערדיקער זײַט, ווו די פּוילישע באַפֿעלקערונג מיט איר גאַלעך זײַנען געשטאַנען און פּלאַץ פֿאַרנומען.
באַלד האָבן זיך צוויי סאָלדאַטן צו די אויסגעטיילטע צוויי, צו ר' אַרענען און צו זײַן אייניקל איציקל, צוגעשטעלט — איינער איינעם צו באַאַרבעטן, און אַ צווייטער דעם צווייטן. און באַלד איז איינער פֿון די טאַליאָנים, לויט אַ באַפֿעל פֿון העכער, צו איציקלען צוגע-טרעטן, אים נאָענט צום זיידן צוגעפֿירט, און בײַ אים געפֿאָדערט, ער

זאָל א שפּיַ טאָן אָפּ דעם, וואָס ר׳ ארן האָט אין דער האַנט גע-האַלטן, אָפּן סייפער, און א זאָג געבן דיק דערבייַ: זאָל ער מאכן, וואָס מע הייסט, אַניט וועט אים געשען מער, ווי ס׳געשעט... אי-ציקל, א צעשלאָגענער און מיט ברוין און בלאָוו ־ דאָס פּאָנעם פאר-לאָפֿן, האָט, אויסהערנדיק, וואָס יענער פּאָדערט, לעפּאָנעם געפּאָלגט, און, א גיי געבנדיק צום זיידן, האָט ער אָט-אָט שוין געזאָלט, האָט זיך געדאכט, טאָן, וואָס מע הייסט אים... אָבער ניין, צוגעקומען גאָר נאָענט פארן זיידנס פּאָנעם, האָט ער בלויז א שטילן זאָג געטאָן:—זיידע, זע, איך פאָלג ניט, וואָס מע פּאָדערט פון מיר, פאָלג דו אויך ניט, וואָס מע וועט פון דיר פּאָדערן, — און איציקל איז צוריק באלד אָפּ-געטרעטן פון זיידן, נישט אויספילנדיק דעם באפעל... דעמלט איז דער צווייטער טאַליען צו ר׳ ארענען צוגעגאנגען און אים באפוילן, וואָס דער ערשטער האָט — איציקלען: טאָן מיטן בילד, וואָס איז אָפּ איציקלס האלדז געהאנגען, וואָס איציקל האָט געזאָלט טאָן מיטן סייפער, מיינענדיק, אז ער, דער אלטער, א מער שוואכער, נאָכגעביקער און מיט פאכעד איבערפולט, וועט געוויס יאָ אויספאָלגן, וואָס מ׳וועט פון אים פּאָדערן...

— נו, — האָט דער טאַליען אונטערגעטריבן ר׳ ארענען, — זאָל ער...

— אי, נו, — האָט ר׳ ארן זיך אָפּגעקערעוועט פון טאַליען מיט ווידערווילן, — ער איז ניט פון די, הייסט עס, וואָס שפּייַען אָפּ מענטשן ביכלאל, אוביפראט אָפּ אָט דעם אים אומבאקאנטן מיטן אָפּן-קלוגן פּאָנעם, מיטן פּאָשעטן אָנצוג און א ביסל צעקנייטשטן היטל, — ניין, ער טוט דאָס ניט, ר׳ ארן.

דעמלט איז דער הויפטמאן מיטן צעוויקלטן פּאפּיר אין האַנט פארן אוילעם ארויס, לייענענדיק הויך און אָפּ א קאָל א באקאנטמאכונג און דערקלערונג, אז אָט, זאָל די מער גוט-געגוויגטערע פוילישע באפעל-קערונג זען, וואָס דאָ וועט געטאָן ווערן מיט אים, דעם אלטן איינ-געבראָכענעם פאָרשטייער פון יידן, וועלכער האָט ארויסגעגעבן פון זיך א צווייטן פאָרשטייער פון דער באנדע שלענג, אויסוווּרפן און וועלט-פארברעכערישע מארקסיסטן, וועלכע דיַטשלאנד האָט זיך געשטעלט א ציל זיי אויסצוראָטן ביז לעצט, צוזאַמען מיט אלע יידן, וואָס אלע אומגליקן קומען ארויס פון זיי...

— שארפריכטער! — האָט ער א געשריי געטאָן צו די צוויי ברייט-שטייענדיקע טאַליאָנים, און פון אָט דעם וואָרט איז איבערן גאנצן אוילעם, סייַ פון דער פוילישער באפעלקערונג, וואָס איז געשטאנען

פון איין זײַט טליע, סײַ פון דער ייִדישער, וואָס איז געשטאַנען פון דער צווייטער זײַט, דורכגעגאַן אַ ציטער.

דער פּוילישער גאַלעך, אויך אַן אַלטער, אַ געגאָלטער, מיט אַ לאַנגער, שוואַרצער סוטאַנע און מיט אַ יאַרמעלקע, וועלכער האָט גוט געוווּסט, וואָס די ייִדישע באַפעלקערונג שטעלט מיט זיך פאָר און באַזונדערס דער דאָװ, וואָס וועגן זײַן פרומער אױפירונג האָט ער זיך געוויס פיל אָנגעהערט, האָט, דערזעענדיק איצט, וויאַזוי דער טאַליען האָט זיך הינטער ר׳ אַרנס פּלײצעס אַוועקגעשטעלט, אים אונטערשטויסנדיק צום אַרופגיין אַפן בריקל, צו וועלכן אייניקע טרעפּלעך האָבן אַרופ־געפירט, — האָט זיך געגומעט צײלעמען, און נאָך אים — זײַנע גאַנצע פּוילישע איידע אין שרעק... און צווישן דעם ייִדישן טייל אוילעם האָבן שוין אייניקע גענומען פאַלן כאַלאָשעס, דעריקער ווײַבער און אָפגעשוואַכטע מאַנצבלען.

און דאָס זעלבע, וואָס סע האָט געטאָן ר׳ אַרנס טאַליען מיט ר׳ אַרענען, האָט געטאָן אויך איציקלס—אים, איציקלען, שוין עטוואָס גרעבער און האַסטיקער אונטערשטופּנדיק... אַרופגעפירט זיי אַפן בריקל, האָט מען צום אַלעמ ערשט ר׳ אַרענען די סײפער־טוירע פון אונטערן טאַלעס אַפירגענומען און גאָר נישט מיט קיין קאָוועד, ווי ס׳קומט אַן אַלט־געשריבענעם סײפער, אַפ דער ערד אַ שמיץ געטאָן, און דאָס זעלבע, וואָס מיט ר׳ אַרענען, האָט מען געטאָן אויך מיט איציקלען, אַראָפּרײַסנדיק בא אים דאָס בילד, וואָס איז אַפ זײַן ברוסט געהאַנגען, און אויך דאָס אַפ דער ערד געוואָרפן...

ס׳האָט געדויערט נאָך אַ קליין שטיקל צײַט, ביז די טאַליאָנים האָבן זיך מיט די טליע־שטריק געפּאָרעט, זיי אויסריכטנדיק און אויס־פּאַרטיקנדיק ווי געהער.

ערשט דעמלט, שוין אַפן בריקל שטייענדיק, האָט ר׳ אַרן דער־זען, ווו ער האַלט... ער האָט אַ קוק געטאָן אַפן ייִדישן אוילעם, וואָס איז געשטאַנען, ווי אַן ענג־צונויפגעדריקטע הורטע שאָף, און דערזען, ווי מאַנצבלען אין טאַלייסים וויינען און ווי די ווײַבער האַלט מען אין איינ מונטערן, און ער האָט זיך גענומען גרייטן אין וועג, אַפ וועלכן ס׳זײַנען געגאַנגען אַלע יענע, וועמען ער האָט פריִער אַמאָל מעקאַנע געווען, זעענדיק זיי אופגערופן אָפצוגעבן דאָס, וואָס מע דאַרף, פאַר דעם, וואָס מע דאַרף בייס קידעש־האַשעם...

דער טאַלעס האָט זיך אים פון צעטומלונג פון אַקסל אַראָפּגע־רוקט און צו דער ערד געפאַלן, און ער האָט זיך האַסטיק אַ דריי־אויס געטאָן און אים געוואָלט אופהייבן, אָבער דער טאַליען האָט

דאָס אים ניט דערלאָזט: נישקאָשע, האָט עס געהייסן, ער וועט זיך שוין באַגיין אָן דעם. און ר' ארן איז שוין בלויז אין קיטל געבליבן, אין גארטל און אין דער יארמעלקע, צו וועלכער ער האָט איצט אלע-מאָל א האנט אופגעהויבן אפ זי אָנטאפן, צי געפינט זי זיך אפ זיין קאָפּ, מאכמעס ס'האָט אים געדאכט, אז אויך דער קאָפּ איז אים בלויז...

אזוי ר' ארן, און אין דער זעלבער צייט אויך זיין אייניקל אי-ציקל האָט זיך געהאלטן אין גרייטן, זען ניט אָפּשטיין און זיך אוי-פירן ווי אלע זיינע גלייכע אין אזא-אָ לאגע, פון וועלכע ער האָט געליינט און פון כאוויירים פיל זיך אָנגעהערט.

ער האָט אויך אלע ווײַלע געכאפּט א קוק אפן זיידן, וואָס עס איז אים א שטיק טרייסט געווען צו זען, ווי יענער זעט קלאָל ניט אויס ווי אזא, וואָס איז גרייט פארן לעבן געשאנקען בעטלען, בי-פראט בא טאליאָנים, ראכמאָנעס צו דערוועקן. דער זיידע, האָט אי-ציקל געזען, זאָגט ווידע, און די טאליאָנים האלטן שוין בא זייער מעלאָכע פארענדיקן.

און טאקע: באלד האָבן זיך די טאליאָנים, אָפּגעפּארטיקט זיך מיט די שטריק, צום הויפּטמאן, וואָס איז אונטער דער טליע בא א זייט גע-שטאנען, א ווונק געטאָן: פארטיק, און מע קאָן צוטרעטן, הייסט עס... דעמלט האָט דער הויפּטמאן זיך א שטעל געטאָן און שטייף זיך אויס-געצויגן ווי בייס א מיליטער-פאראד, און א געשריי געגעבן אפ א קאָל, אז אלע אפן פּלאץ פארזאמלטע זאָלן הערן: „צו ערע דײַטש-לאנדס"... און א פויסט, דעם סימוואָל פון וועלט-פארגוואלטיקונג, האָט ער א הייב געטאָן און דערבײַ א רעווע געטאָן:

— הײַל היטלער!

— הײַל! — האָבן אים באלד די טאליאָנים אָפּגעענטפערט, און איינער איז צו ר' ארענען צוגעטרעטן און אים דעם שטריק אפן האלדז אָנגעטאָן — רויק, געלאסן, ווײַל ר' ארן האָט זיך געלאָזט און קיין שום ווידערשטאנד ניט ארויסגעוויזן, און דער צווייטער האָט דאָס זעלבע געמאכט מיט איציקלען, אָבער פיל גרעבער, ווי מיט ר' ארענען, ווײַל איציקל האָט אפ א ווײַלע זיך א וואקל געטאָן, ווי נישט ווילנדיק דעם האלדז אין טליע-שלייף ארײַנגעבן.

— שמע ישראל, ה" אלהינו, ה" אחד! — האָט ר' ארן א געשריי געטאָן, אפ וויפל זיינע אלט, ראבאָניש קאָל האָט אים געקלעקט, ווען דער האלדז איז אים שוין אין שטריק-שלייף ארײַנ-געקומען. און פון דער זײַט פון דעם יידישן טייל באפעלקערונג האָבן

זיך דערהערט א פּאָר איינציקע, שטיל-פאַרשטיקטע שטימען, פון אלטע שוואַכע און שאמעס געקומען, אים אָפּענטפערנדיק:

— באָרוך שם כבוד מלכותו לעולם ועד.

איציקל, בעשאס דער קאָפּ איז אים שוין אין שטריק געווען, האָט הויך אויסגעשריגן:

— לעבן זאָל די וועלט-אויסלייזונג!

ער האָט נאָך ניט באַוויזן אויסשרייַען, ווי דאָס בענקל פון אונטער זייַנע פיס איז מיטאמאָל ארויסגעשטויסן געוואָרן, און ער האָט גענומען כאַרכלען און מיטן גאנצן קערפּער פלאַטערן, זיך דרייען, באַמבלען, דאָס, וואָס בא ר׳ אַרענען איז דאָס צוגעגאנגען פיל שטילער, ווייַל יענער איז באַלד ערשטנ צי פון שטריק גלייַך דערשטיקט און אַנ־שטומט געוואָרן און האָט נאָר א קליינע ביסעלע פאמעלעך-פאמעלעך, ווי א בלאַט אפּן ווינט, זיך געהוידעט.

און שוין... דעמלט האָט דער פּוילישער טייל אוילעם נאָך א ווייַלע פארגליווערטע שטיין זיך ווידער גענומען ציילעמען, דערנאָך זיך אָפּגעקערעוועט און איז אוועק, נישט קאָנענדיק מער אפ צוריק קוקן. און דער ייִדישער טייל איז גאָר אָנ קעפּ אוועק, און מע ווייסט נישט, וויִאזוי זיי האָבן זיך אהיים דערשלעפּט.

ביידע געהאנגענע זייַנען נאָך לאנג הענגען געבליבן—א טאָג און צוויי, ביז אפן דריטן טאָג איז געקומען א דערלויבעניש זיי אראָפּ־צונעמען. ווער סע האָט געקאָנט קוקן יענע טעג אפ דער טליִע, האָט געזען, ווי איינער האָט דעם קאָפּ געהאלטן אָפּגעבויגן עטוואָס אפ רעכטס, און דער צווייטער--אפ לינקס, גלייַך זיי וואָלטן זיך אפריִער געווען אָפּגערעדט, זיי זאָלן זיך אויך נאָכן הענגען ניט פארלירן און איינס דאָס אנדערע אין אויג האַלטן...

מע האָט זיי אין איין קייווער באהאלטן. און אזויווי די נייַע צאָרעס, וואָס דעם שטעטעלע איז אויסגעקומען אויסצושטיין, האָבנ אין די אלטע געמאכט פארגעסן, האָט מען זיי אפילע פארגעסן צו ארומצאמען... דאָס בערגל ערד, וואָס אפ זיי, פּוסטעוועט... אָבער ווער ס׳דארף געדענקען, געדענקט, און שפּעטער, ווען די גוטע צייַטן וועלן קומען, זעען מיר שוין ווי א מאצייווע וועט דאָרט זייַן אופ־געשטעלט, מיט פאָלגנדיקער אופשריפט, אין ייִדישן נוסעך געשריבן:

פ״נ

הקדושים... הנאהבים... ה׳ה הרב דמתא ר׳אהרן נולד... ונתלה על עץ בגזרת היטלער, ביום הכפורים... ביחד עם נכדו הצעיר יצחק, נולד... ונתלה בו ביום ובה שעה בשנת...

תנצב״ה

טײַטש:

דאָ לִיגן באהאלטן פאר דער הײליקער זאכ אומגעקומענע... און דאָס זײַנען דער ראָוו פונ שטאָט ר׳ ארנ, געבוירנ דעמלט און דעמלט... און אופגעהאנגענ געוואָרנ בײַם דער היטלער־גזײרע אום יאָמקיפּער, צוזאמענ מיט זײַנ אײניקל, איציקל, געבוירנ דעמלט און דעמלט און אופגעהאנגענ אינ זעלבנ טאָג און אינ דער זעלבער שאָ פונ דעם און דעם יאָר, זאָלנ זײ רוענ אינ זעליקײַט.

דעקאבער 1942.



# מייער לאַנדשאַפט

## פראַגמענט

(וועגן אַ דריטן פאַל אינעם איצטיקן אָקופּירטן פּוילן)

### I

ס'איז געווען עטלעכע טעג נאָך זייער אַרײַנקומען... מ'האָט געשמועסט, אַז דער שטאָט-קאָמענדאַנט האָט זיך שוין געווענדט צו דער ייִדישער קהילה און זי באַפּולמעכטיקט דורכצופירן אַלע באַפעלן און פאַראָרדענונגען, וועלכע די מאַכט וועט האָבן אַרויסצוגעבן ספּעציעל פאַר דער ייִדישער באַפעלקערונג.

בײַ מייער לאַנדשאַפט אין שטוב, ווי אין אַלע ייִדישע שטיבער, איז מען אַרומגעגאַנגען אָן קעפּ... מייער לאַנדשאַפט — אַן אויסגענומענער טיפּ פּויליש-ייִדישן סוחר, אַ שווײַגער, אַ געלערנטער און אַ בעל-טובֿות; ד. ה. אַ מיוחס, אויך אַ פֿרומער, וואָס די פֿרומקייט אָבער האָט אים ניט געשטערט נישט אין דער יוגנט און נישט אויך איצט, ווען ער איז שוין אַריבער די פֿופֿציק, אַרײַנצוקוקן אַמאָל אין די ספֿרים פֿון אַ שאַדאַל, פֿון ר' נחמן קראָכמאַל און אַפֿילו אויך אין ניט-ייִדישע, אין וועלכע ער איז געווען באַהאַוונט, ווי אין אַ קלאָפּשטאָק אָדער שילער; אָט דער מייער לאַנדשאַפט — אַ הויכלעכער, מיט אַ ברייט-צעוואַקסענער בלאָנדער באָרד, מיט בלאָנדלעכע ברעמען איבער סיוו-קאָלירקע אויגן, וואָס האָבן אים אַרויסגעקוקט פֿון צווישן זײַנע וויִעס, ווי שטילע אָזערעס אַרומגעשטעלט מיט טשערעט; אָט דער מייער לאַנדשאַפט, וואָס אַליין זײַן שטענדיק זויבערע קליידונג האָט געפֿאָדערט פֿון יעדן אין זײַן אָנוועזנהייט זיך צו האַלטן עטוואָס שטילער, ווי ער האַלט זיך בײַ זיך, און וואָס יעדעס מאָל, ווען ער פֿלעגט זיך ווײַזן אין שטוב, אַרײַנקומענדיק פֿון גאַס אָדער אַרײַנגייענדיק פֿון אַ צווייטן צימער, בעשאַס עמעצער האָט געוואָרט אַף אים, האָט ער געצוווּנגען דעם עמעצן, מע זאָל זיך אַפֿילו עטוואָס אויפֿשטעלן פֿון זײַן קאָוועד וועגן; אָט דער מייער

לאנדשאפט, וואָס אין אלערליי לאגעס, אפילע אין די שטארק-גע־ענגטע, ווי ווען א קינד איז קראנק אָדער בייס אן אנדער צאָרע אין שטוב, איז אפ זיין פּאָנעם קיינמאָל ניט געווען צו זען קיין ענדערונג, ווייל זיין אינערלעכער גלויבן האָט אים ניט דערלויבט צו צווייפלען און צו אופהערן זיכער זיין אין א מער בעסערן אויסגאנג אפילע פון דער גרעסטער ענגעניש; אָט דער מייער לאנדשאפט האָט איצט, נאָך דעם, ווי מע האָט זיך פריער געגעבן אָנגעלייגט אין די צייטונגען, וואָס די נייע מאכט האָט אָפּגעטאָן צוערשט מיט די יידן פון איר אייגן לאנד, ביפראט דערנאָך, ווען זי האָט זיך געלאָזט מיט מילכאָמע אפ פוילן, ווען מ'האָט זיך דערוווסט, וואָס זי האָט געטאָן מיט די פוילישע יידן פון פארשיידענע שטעט און שטעטלעך, וועלכע זי האָט דעראָבערט און באצוווּנגען, — איצט, ווען אָט דער מייער לאנדשאפט האָט, ווי פיל אנדערע, ניט באוויזן צו פארלאָזן די שטאָט, וווהין דער סוינע איז אריין פלוצלינג, איידער מ'האָט זיך אומגעקוקט און געקאָנט כאפן א יישועו: צי בלייבן צי ניט, — איצט האָט אפילע אָט דער מייער לאנדשאפט זיך דערפילט, ווי אין א פאסטקע אריינ־געכאפט און גענומען ארויסגיין פון זיין אלמאָליקן איינגעשטעלטן געדער — פון צו גלייבן אין בעסערס...

מ'האָט דאָס געזען אין זיינע סיוולעך-קאָלירקע אויגן, וועלכע האָבן ארויסגעקוקט פון צווישן זיינע וויעס, ווי בייס א שטארק־שטורעם, וואָס טוט זיך אמאָל דערקלייבן אפילע צו די שטילסטע אָזערעס, מיט טשערעט פארשטעלט; מ'האָט דאָס דערקענט פון זיינע אומרויקע, אָפּגעהאקטע ענטפערס, ווען מ'פלעגט זיך צו אים ווענדן, בייס ער פלעגט יענע טעג זיך צוריקקערן פון שטאָט, וווהין מ'איז שוין נישט ארויס צו האנדלען — קויפן, אָדער פארקויפן, — נאָר בלויז זיך צו דערוויסן נייס, הערן, וואָס מע זאָגט און וואָס מע שמועסט מיקויעך דעם, פארוואָס מע שרעקט זיך אזוי שטארק... ער האָט אפילע אפ די פראגעס פון זיין ווייב כאנע-גיטל, וועלכע איז אלעמאָל גע־גאנגען מיט אים האנט-בא-האנט, האָט אים גרויס ערלעך געהאלטן, אים געליבט און געקוקט אין מויל אריין, גרייט צו באפרידיקן זיינע יעדן באגער און אפילע פארלויפן פאָרויס פאר זיין באגער—אפ אלע אירע פראגעס: וואָס הערט מען און וואָס שמועסט מען אין שטאָט?— האָט ער געענטפערט: נישט, נישט... מע רעדט נישט, מע שמועסט נישט... און ער פלעגט זיך אָפּקערעווען, נישט קוקן אין די אויגן און זיך נעמען אומדרייען און טאָן אזוינע זאכן אין שטוב, ווי מ'טוט אמאָל, איידער מע דארף זיך פון א שטוב ארויסציען, אָדער

איידער מע דארף זיך לאָזן אין א רייַזע, ווען מ'איז צעטומלט און מ'ווייסט ניט, פאר וואָס מע נעמט זיך.

איצט האָט ער זיך אופגעפירט גאָר ניט ווי זייַן שטייגער פריִער, וואָס יעדעס מאָל, ווען נאָר ניט באַם עסן, אָדער ווען ער איז געווען פארנומען מיט מענטשן, פלעג מען אים קעסיידער זען מיט א סייפער אין דער רעכטער האַנט, א ביסל קורצזיכטיק אונטערגעטראָגן צו זייַן רעכטן אויג און רעכטן טייל פּאָנעם, און אין אים אַרייַנקוקן. איצט מער נישט. איצט זייַנען אים קיין ספאָרים אין קאָפּ ניט גע-לעגן. און אויב ער האָט יאָ ווען-ניט-ווען געקאָנט אויסטיילן א קליינ מינוטקעלע צייַט ארויסצוקומען פון די פערזענלעכע דייַגעס, וועלכע זייַנען באפאלן אים, מייער לאנדשאפט, ווי אלע יידישע אייַנוווינער דעמלט אין שטאָט, האָט ער אָט די מינוט אויסגענוצט נאָר דערופּ, ער זאָל אומגיין, אַן אָפּגעזונדערטער און מיט קיינעם זיך ניט טיילנ-דיק, פון וואנט צו וואנט און פון ווינקל צו ווינקל אין שטוב, זיך ברעכן די פינגער, ווען קיינער זעט ניט, און שעפּטשען נאָר איינס: רבונו של עולם, הכלה אתה עושה? דה. צי האָט גאָט טאקע, כאָ-לילע, באשלאָסן צו מאכן איצט אן עק, און אויס מיט יידן?..

אָבער ניין, אויך דערופּ האָט אים קיין צייַט ניט געקלעקט, ווייַל דעריקער און פאר אלעמען איז ער געווען פארנומען מיט זאָרגן וועגן זיך און זייַן הויזגעזינד, אפּ וועמעס קעפּ ער האָט געזען די שווערד אומשוועבן... דאָ ווידער אָבער איז אים צום-אלעם-ערשט געקומען אפּן געדאנק ניט קיינער פון זייַנע אייגענע—ניט ער אליין, וועלכער איז געווען אייַנגעשטעלט באַגלייַך מיט אלע, ניט זייַן ווייַב כאנע-גיטל, וועלכע איז מיט אים א גאנצ לעבן געגאַנ האנט-בא-האנט, האָט אים אַלעמאָל אין מויל געקוקט, גרייט צו באפרידיקן זייַן יעדן באגער און אפילע פאָרויסלויפן פארן באגער; נישט זייַנע שוין אויס-געגעבענע זין און טעכטער מיט די איידעמס און עניִר, מיט זייערע קינדער — זייַנע אייניקלעך;—נישט קיינער איז אים אזוי ניט געקומען אפּן געדאנק דעמלט, ווען ער האָט געצומען זוכן לופט און אויסגאנג פון דער שטייַג, אין וועלכער ער האָט זיך געפונען געפאנגען, דה. פון די פארשיידענע קלאנגען, איינער שרעקלעכער פון אנדערן, וועלכע האָבן דערגרייכט צו זייַן אויער — קיינער ניט אזוי, ווי זייַן יונג טעכטערל, זייַן מעזינקע ויטל, אָדער וואנדע, ווי מע האָט זי גערופן אין גימנאזיע, ווו זי האָט זיך געלערנט און האָט שוין געהאלטן באַם ענדיקן.

## II

זי האָט געהאט צערטלעך־לאנגע פינגער, וואנדע — א סימען פון א שטארק אויסגעיידלטן שטאם, און נאָך עפשער א סימען אפ א פארשפעטיקטער פרוכט פון עלטערן, וואָס האָבן זי געבוירן, נאָך פיל קינדער האָבן, שוין צולעצט. זי האָט זיך אויסגעטײלט פון אלע קינדער מיט גרויס ענלעכקײַט אפן פאָטער, מיט שטילער און פײַנער מאנירלעכקײַט — נישט ווי די איבעריקע קינדער — מער ענלעכע אפ דער מוטער, אפ כאנע-גיטלען, וועלכע האָט געשטאמט נישט פון אזא הויך מעיוכעסדיקן גראד און וואָס, ווי מ'האָט געשמועסט, האָט איר פראָסטלעכער פאָטער, קעדיי ארײַנצובאקומען אזא איידעם, ווי מייער לאנדשאפט, זיך היפש געלאָזט קאָסטן.

זי איז אויך געווען דעם פאָטערס ליבלינג, אי ווי די מעזינקע, אי אויך דערפאר, וואָס דער פאָטער האָט אין איר געזען א שטיק אָפשפיגלונג פון זיך, און כאָטש אויסערלעך האָט ער איר ניט ארויסגעוויזן מער צערטלעכקײַט, ווי צו די איבעריקע קינדער, דאָך האָבן אלע אין שטוב זי געפילט ווי אן אויסנאם, ווען דער פאָטער טײלט אויס, אויב ניט מיט קײן ווערטער, איז מיט א שטיל-פארליבטן בליק, וואָס ער לאָזט אפ איר פאלן פון צײַט צו צײַט.

פארשטענדלעך, אז ניט די מוטער, ניט אויך די קינדער האָבן איר ניט מעקאנע געווען, נאָר פארקערט — האָבן צום פאָטערס אויסנעמלעכער ליבע צוגעלייגט אויך זייערע, מע האָט איר ניט מעקאנע געווען, וואָס דער פאָטער האָט איר דערלויבט, וואָס די אנדערע קינדער — ניט: זיך צו לערנען אין גימנאזיע, וואָס, אגעוו געזאָגט, האָט מען צוליב איר אויסגעפועלט באם קסיאָנדז, באם לערער פון רעליגיע, זי זאָל זיך ניט לערנען אום שאבעס, מאכמעס זי האָט גענוג פלײַס ארויסגעוויזן אָפצוטאָן, וואָס זי דארף, אינדערוואָכן.

מיט איין וואָרט, וואנדע — אן אויסנאם אי אין דער היים, אי אויך צווישן כאווערטעס, צווישן וועלכע זי האָט זיך געהאלטן שטרענג-געשלאָסן, זיטלעך־זויבער, — אן אָפבילד פון איר טאטנס האלטן זיך, וואָס האָט געהאט א שעם אי אין זײַן מישפאָכע, אי אין שטאָט. צווישן אלע האנדלס-לײַט, צווישן כאווערטעס האָט מען געשמועסט, אז וואנדע לאָזט זיך קײנמאָל פון קײן שילער, אן אירגלײַכן, קײן פרײַ וואָרט ניט זאָגן, דערלויבט קײן פרײַ־ייִנגלשן צוגאנג צו זיך. און נאָך: אז זי זעט אפילע אירע מיידלשע פאָרמען אויסבאהאלטן, אײַנציִען, גלײַך זי וואָלט זיך שעמען מיט זײ און ווי זי וואָלט באדויערט, וואָס זי איז ניט געבוירן אין קײן פאנצער.

און אָט זי, אָט די וויטל—וואַנדע, די זיבעצניאָריקע שלאַנק־בלאָנדע באַשעפעניש, מיט א גרויסער מאָס נאָך קינדער־אומשולד, וואָס האָט ארויסגעקוקט פון אירע אויגן, עטוואָס פארטראָגענע, און מיט א דינן, דינן טרוים-היטל פארצויגענע, האָט איצט דער פאָטער, מייער לאנדשאפט, אמערסט אין זין געהאלטן און אמערסט פאר איר זאָרג געטראָגן דערפאר, ווייל איר איז די מערסט-גרעסטע סאקאָנע פאָרגעשטאנען — זיך צו ווארפן אין די אויגן און צו געפעלן ווערן די, וועמען מע דארף ניט און ס׳איז קלאל אוקלאל ניט געוווּנטשן.

דאָס מאָל האָט דער פאָטער שוין זייער אָפט אפ איר זיין בליק געווענדט, און ווער ס׳האָט זיך דעמלט ניט געקערט צו אים מיט א וואָסער-ניט-איז וויכטיקייט, האָט ער אינמיטן שמועס זיך אָפּגעדרייט פון יענעם און א קער געטאָן דעם קאָפּ צו איר, ווי מוירע האָבנדיק זי צו פארלירן און פון אויג ארויסלאָזן.

— פארוואָס? — ווייל אכוץ די קלאנגען, וועלכע האָבן זיך דער־טראָגן וועגן די פיינע מייסים, וואָס די נייע מאכט איז שוין געהאט באגאנגען אין אלע יענע ערטער, וווהין זי איז נאָך פון פריער ארייַן, און וועגן דעם זעלבן, וואָס זי האָט שוין אָנגעהויבן באגיין דאָ אין שטאָט, ווו מייער לאנדשאפט האָט געוווינט,—אכוץ דעם אלעם, שוין אלייך אויך גענוג גרויליקן — האָט נאָך צו מייער לאנדשאפטס אויער, ווי צו די אויערן פון אנדערע פארינטערעסירטע פאָטערס, זיך דער־טראָגן א קלאנג, וואָס האָט גאָר-גאָר געמאכט אופציטערן: א קלאנג וועגן געוויסע הייזער, וווהין ס׳ווערן פארנומען יונגע פרויען: מייד־לעך, ווייבלעך צום שאנד-פארגעניגן פון די פאָרשטייער אָדער פון די פאָשעטע זעלנער פון דער מאכט...

ס׳איז שוין באלד אויך גאָר קיין קלאנג ניט געווען. מ׳האָט איבערגעגעבן אפ זיכער, אז די יידישע קעהילע האָט שוין אפילע באקומען א בעפיירעשע פאראָרדענונג מיקויעך איר צושטייער מיט א צאָל יידישע פרויען צום שאנד. מ׳האָט דאָס נאָך געהאלטן בעסאָד און נים געלאָזט וויסן קיינע פראָטים פארן ברייטן אוילעם, מיינענדיק זיך מישטאדל זיין און פויעלן בא דער מאכט, זי זאָל אָפּשאפן די גזיירע. מ׳האָט אָבער ניט געפויעלט, און דעמלט איז שוין דער אוי־לעם אוואדע מיט פארוויסטע קעפּ ארומגעגאנגען, און בעסויכעם און, ווי ס׳האָט געדאכט, מער פון אלע,—אָט דער מייער לאנדשאפט, וואָס האָט אויסגעזען אזוי געפּלעפט, אז מ׳האָט שוין פון אים קיין וואָרט ניט געהערט ארויסקומען, נאָר געזען, ווי ער ברעכט די פינגער שטי־לערהייט... דאָס — איינס, און דאָס צווייטע: אינדערפרי, פארנאכט

און אפדערנאכט, ווענ עמעצער וואָלט זיכ צוגעהערט צו זײַנע געבעטנ אינ הימל, וואָלט ער ארויסגעהערט בלויז איינ באגער, אויסגעדריקט אינ די ווערטער פונ א פּאָסעק דאפקע ניט פונ דאוונענ: כנשר יעיר קנו... יקחהו על אברתו.. וואָס ווערט אויסגעטײַטשט, אז אזוי ווי דער אָדלער האָט קיינ מורע ניט פאר קיינ רויב-פייגל, העכער-פליענדיקע פונ אימ, נאָר פארנ יעגער, נעמט ער דערום זײַנע קינדער, פליענדיק מיט זיי, ניש‍ט אונטער זיכ, נאָר איבער זיכ, זאָגנדיק: זאָל בעסער די פײַל ארײַנ אינ מיר, איידער אינ מײַנע קינדער — אזוי אויכ האָט זיכ געווונטשנ מייער לאנדשאפט: בעסער אינ מיר, איידער אינ די מײַניקע, דאָ געמיינט — וואנדע.

## III

פונ גרויס פארלוירנקײַט האָט מייער לאנדשאפט זיכ אופגעהערט ווײַזנ צווישנ מענטשנ, איז געבליבנ גאנצע טעג אינ שטוב, און קעדיי כאָטש מיט וואָס-ניט-איז זיכ צו באשעפטיקנ, האָט ער גענומענ טאָג אזוינע זאכנ, ווי שארפנ די שטוב-מעסערס, וואָס דאָס פלעגט ער אלעמאָל טאָנ בלויז פרײַטיק, לעקאָוועד שאבעס — אנ אלטער מינהעג בא אימ אײַנגעפירט.

— וואָס איז כלוצלינג? — האָבנ כאנע-גיטל, אויכ די עלטערע קינדער, דערזענ אימ אינמיטנ וואָכ בא דער ניש‍ט-געוווינטער מע־לאָכע, א פרעג געטאָנ.

— גאָרניש‍ט... גלאט... — האָט ער געענטפערט און ניט געקוקט אינ פּאָנעמ, ווי אַלע לעצטע טעג, ווענ מ'האָט זיכ צו אימ געווענדט, און פונ גרויס קאָוועד און אָפּשײַ האָבנ ניט כאנע־גיטל, ניט אויכ די קינדער אימ מער ניט איבערגעפרעגט, פארשטייענדיק, פארוואָס ער פארנעמט זיכ איצט מיט אזוינע אומנוצלעכקײַטנ און אויכ פארוואָס ער שפּאָרט ווערטער און ענטפערט ווייניק.

ער האָט, זיצנדיק אזוי און שארפנדיק די מעסערס, געוויס קיינע מאכשאָוועס ניש‍ט געהאט, אויסער עפשער נאָר וועגנ דעם, וואָס ער, ווי א וויסנדיקער מענטש, האָט אמאָל ערגעצ אויסגעלייענט, וויאזוי אינ שווערע, און ענלעכע צו די איצטיקע, צײַטנ פארנ פאָלק זײַנע פאָטערס אמאָל געווענ געצוווּנגענ צו באגייִנ זיכ מיט אייגענע קינדער, ווי טאליאָנימ — מיט פרעמדע: אליינ זיי אומברענגענ, קעדיי זיי ניט לאָזנ אינ פרעמדע הענט ארײַנפאלנ... ער האָט ניט געוווּסט, וויאזוי דאָס איז געטאָנ געוואָרנ און ווו האָט זיכ אהינגעטאָנ דער כורחם אב על בנים, אָבער ווייִ אמאָל, — האָט ער זיכ געטראכט, — איז

ראכמאָנעס די גרעסטע אומדערבארעמדיקייט, וואָס מע דארף אויס-דרייסן און זען אין זיך דערוואָרגן.

ער האָט געוויס א ציטער געטאָן בא אָט דעם געדאנק... אָבער נאָך א גרעסערן ציטער האָט ער געטאָן איינמאָל, בעשאס ער איז אזוי געזעסן באם טיש בא דער שארף-מעלאָכע, און ווען ער האָט פּלוצעם דערהערט א קלונג אין טיר, וואָס איז געקומען געוויס ניט פון קיין היימישן, וועלכן מ'וואָלט זיכער דערקענט, נאָר פון א פרעמ-דער האנט, וואָס האָט שטארק די קנאָפּקע געדריקט און לאנג, פעסט און פאָדערנדיק דאָס גלעקל געלאָזט דרינדזשען.

דאָס איז געקומען זיכער אָדער פון א פּאָסט-טרעגער, א טעלע-גראם-בריענגער, ווען ער איילט, אָדער פון מענטשן פון דער מאכט, ווען זיי פאָדערן, מ'זאָל זיי וואָס גיכער עפענען, ארייַנלאָזן, אָן אי-בעריקן דערעכערעץ צו די, צו וועמען זיי קלינגען.

מייער לאנדשאפט האָט פון דערשרעק פון קלונג זיך א ניט-געראָטענעם דיר געטאָן און געכאפט א שניט אין א האנט, פון וועלכער ס'האָט זיך דאָס בלוט געלאָזט. ער האָט אָבער ניט דעם שניט, ניט דאָס בלוט באמערקט. באלד, האָט ער געהערט, האָט זיך עמעצער פון די שטוב-אייגענע געלאָזט צו דער טיר און זי אופגעעפנט. און פון דער שטילקייט ביים עפענען און באגעגענען זיך מיט דעם, אָדער מיט די, וואָס האָבן אָנגעקלונגען, האָט מייער לאנדשאפט בא-שלאָסן, אז דאָס זייַנען טאקע ווירקלעך ניט קיין געוויינלעכע בא-זוכער די שוועל אריבערגעטראָטן און אין זייַן שטוב איצט ארייַנ-געלאָזט געוואָרן.

אין קאָרידאָר, וואָס פארן עס-צימער, ווו מייער לאנדשאפט האָט זיך געפונען, האָבן זיך דערהערט סאָלדאטן-טריט, שווער-באזוילטע, און די שטיל-איבעראשטע — און, ווי ס'ווייַזט אויס, דערשראָקענע באגעגעניש פונעם שטוב-אייגענעם מיט די, וועמען ער האָט אופ-געעפנט, האָט זיך געלאָזט פילן איבער אלע צימערן.

מ'איז ארויס און מ'האָט זיך גענומען זאמלען אין עס-צימער, ווו מ'האָט געפילט, אז די אָנגעקומענע וועלן זיך ווענדן צוערשט, ווי אין ערשטן צימער, וואָס פון קאָרידאָר זעט זיך אָן א טיר אהין. ס'איז טאקע אזוי געווען. אלע שטוב-אייגענע האָבן זיך דעמלט אין דער היים געפונען, ווי ביכלאל אלע יענע טעג, ווען אין שטאָט האָט געהערשט די אומבאשטימטקייט פון דעם נאָך נישט אויסגעקלאָרטן פארצעפּ פון דער מאכט פאר דער ניט-יידישער באפעלקערונג, אָבער

שוין זייער און זייער אויסגעקרָאַרטן פאר דער ייִדישער, וועלכע האָט זיך דערפילט עלנט און שוין אַפּ דריַי פערטל פאַרורטיילט.

אלע מייער לאַנדשאַפטס אייגענע זײַנען, דערשראָקענע, אויסגע-בלאסטע, איין עס-צימער זיך צונויפגעגאַנגען. און ווי נאָר זיי זײַנען אַהין אַרײַן און ווי נאָר דער אָנגעקומענער סאָלדאַטן-טייל האָט אויך אַהין א פּוס אַריבערגעשטעלט, אזוי האָבן אלע, סײַ די סאָלדאַטן, סײַ מייער לאַנדשאַפטס אייגענע, דערזען, ווי מייער לאַנדשאַפט האָט, ווי ריכטנדיק זיך פון פּריִער, פון זײַן אָרט זיך אופגעהויבן — אויך א בלאסער, — און דערזעענדיק אלע אין צימער פאַרזאַמלט, האָט ער מ׳טאַמאָל נאָר איינס א וואָרט געהאַט פון מויל אַרויסצוברענגען: וואַנדע, דהי., אַז פון אלע אייגענע זאָל וואַנדע צו זײַן נאָענטקייט צוטרעטן און בא זײַן זײַט זיך שטעלן.

## IV

— הענדע האָך! — האָט זיך דערהערט א צווייט קאָל, העכער פון מייער לאַנדשאַפטס, פון מויל פון׳עם אָנפירער פון דעם סאָלדאַטן-טייל אַרויסקומענ, און באלד נאָך אָט דעם באַפעל האָט זיך פון זעלבן אָנפירער א צווייטער דערהערט: — אין א ריי זיך אויסשטעלן! מאַנצ-בלען באַזונדער און פרויען באַזונדער, און קיינער זאָל ניט וואַגן זיך א ריר טאָן...

מ׳האָט געפאָלגט. מ׳האָט דאָס געמאַכט שטיל. מייער לאַנדשאַפט האָט באַקומען צו זײַן לינקער האַנט די מאַנצבלען פון שטוב אויס-געשטעלט, זײַנע זין און איידעמס, און גלײַך בא זײַן רעכטער האַנט האָט זיך געטראָפן פון אלע שטוב-פרויען די נאָענטסטע צו אים וואַנדע, וועלכע ער האָט פּריִער, בייסן ווײַזן זיך פון דעם סאָלדאַטן-טייל, צו זיך אַרויסגעפאָדערט, און נאָך איר, נאָך וואַנדען, זײַן ווײַב, און נאָך יענער זײַנע שניר און טעכטער.

דער אָנפירער, א לייטענאַנט, האָט צוערשט שווערלעב-שווײַגנדיק באַקוקט די שערענגע, זען, צי איז זי אין אָרדענונג און צי איז ריכטיק אויסגעפילט זײַן באַפעל און צי ס׳דירט זיך ניט קיינער... — אין אָרדענונג. דעמלט האָט ער זיך א ווענד געטאָן צו איינעם א מאַן, ניט קיין מיליטערישן, וואָס איז אַרײַן צוזאַמען מיט דעם זעלנער-טייל, — און דאָס איז געווען איינער א פאָרשטייער, באַפולמעכטיקט פון דער קעהילע און פון דער נײַער מאַכט געצוווּנגען מיטצוגיין איבער די ייִדישע הײַזער, ווי אָט איצט צו מייער לאַנדשאַפט אין הויז, און צו טאָן, וואָס ס׳האָט זיך פון אים געפאָדערט: דאָס מאָל

בייצווייַב בא עפּעס א סאָרט רעגיסטראַציע, וועלכע די מאַכט האָט געהאַט נייטיק.

— צייל, — האָט דער לייטענאַנט א באַפעל געטאָן צו אָט דעם קעהילע-באַפּולמעכטיקטן. — אָבער... ניין!.. — האָט ער זיך פאַרכאַפּט און א וואָג געטאָן, א קוק געבנדיק פריער אויף דער מענער-ריי, דער-נאָך אויף דער פון די פרויען, ווי ער האָט זיין פאַרגעניגנטן בליק אָנגעשטעלט אויף וואַנדען און אויף איר אים לענגער פאַרהאַלטן.

ווען עמע פון די שטוב-אייגענע ס'איז נאָך פאַרבליבן א ביסל זין פון דערשרעק פון אָט דער דערנידעריקנדיקער צערעמאָניע, האָט גע-קאָנט זען, אז דער לייטענאַנט, דער אָנפירער פון דעם סאָלדאַטנ-טייל, איז מער באַטרונקען, ווי ניכטער. און דאָס האָט מען באַמערקט אין זיינע בלאָו-בלימלדיקע אויגן, וועלכע האָבן אַזוי געגלאַנצט, אַזוי ווי אומגעשווומען אין פעטס, ווי אויך אין די ניט איבעריק זיכערע באַוועגונגען, גאָר ווייט פון גלייכגעוויכטיק.

ער האָט גענומען ציילן פון דער לינקער ריי, פון די מאַנצבלען, טייטלענדיק מיט א פינגער אין יעדערנס ברוסט אַריין: איינס, צוויי, דריי, ביז ער איז געקומען צו דער ברוסט פון אַליין מייער לאַנד-שאַפט, וועלכער האָט, ווי אַלע, געהאַלטן די הענט אין דער הייך אויפגעהויבן און וואָס דעם קאָפּ און די אויגן האָט ער די גאַנצע צייט געהאַלטן געווענדט ניט צו דער מאַנצבל-ריי, וואָס אין זיין לינקער זייט, נאָר צו וואַנדען, וועלכע האָט זיך געפונען רעכטס פון אים.

בא מייער לאַנדשאַפט האָט זיך דער לייטענאַנט, איידער ער איז איבערגעגאַנגען מיטן פינגער צו דער פרויען-ריי, א ווײַלע פאַרהאַלטן. דעמלט האָט ער א שטרעק געטאָן זיין ציילנדיקע האַנט צו וואַנדען, קוקנדיק לעכלדיק-נאַשעריש אַהין, וווהין ער האָט לייכט-לײַכט מיט זיין פינגער אָנגעטראָפן — אויף וואַנדעס ברוסט, גלײַך ער וואָלט אים געהאַלטן אין האָניק, פון וועלכן ער איז זיך גרייט צו באַלעקן.

דעמלט האָט זיך דערהערט א קאָל פון מייער לאַנדשאַפט — פון אים, א מענטש א שווײַגער, וואָס האָט קיינמאָל צו קיינעם קיין הויך וואָרט ניט באַנוצט און איז, דאַכט זיך, אויך גאָר ניט פייִק געווען דערויף. — הענדע וועק! — האָט זיך דערהערט פון מייער לאַנדשאַפטס מויל א שטרענג, באַפוילעריש וואָרט, וואָס בא אַלע, אויסער בא אים אַליין, האָבן זיך פון דערשרעק דערהערטן די הענט אַראָפּגע-לאָזט, פאַרגעסנדיק, אז מ'דאַרף זיי הויך האַלטן, לויטן לייטענאַנטס באַפעל.

— וואס?! — האָט דער לייטענאנט, ווי ניט פארשטאנען, וועכענ מע מיינט מיט אָט דעם אומדערעכערעצדיקן, דראָענדיקן אויסגעשריי— אז טאקע אים: אז טאקע ער, דער הער אָפיצער, הייסט עס, זאָל זײַנע טאָמע הענט דערוויַטערן פון דעם, וואָס איז ניט פאר אים און וואָס ער דארף בלײַבן דערפון ווײַט אָפגעשיידט.

— וואס?! — האָט ער, א קוק געבנדיק אף מייער לאנדשאפט, א רעווע געטאָן און איז באלד אָפגעטראָטן א פּאָר שפאן פון אָרט, וואָס ער האָט פארנומען, קעדיי ער זאָל אים, אָט דעם מייערן, מער בעסער פון דער ווײַט באטראכטן.—וואָס האָט ער געזאָגט? וואָס האָט ער געוואגט צו זאָגן א דײַטשישן אָפיצער?

און דאָ האָט ער א פארזשמורעט-שיקערלעכן בליק געטאָן אף מייער לאנדשאפט און דערזען, ווי יענער שטייט מיט די הענט ארופ-געהויבן, און ווי פון איינער א האנט גייט אים בלוט און רינט אין ארבל.

— בלוט?! — האָט ער א צווייטן רעווע געטאָן, גלײַך ער וואָלט דאָס דערזען אף זײַן אייגענער האנט, וואָס עמעצער האָט זי אים אָקאָרשט-אָ געהאט פארוואונדעט. — וואָס פאר בלוט? — האָט ער א געשריי געטאָן און זיך גענומען אומקוקן פארדעכטיק אף דער שטוב, אף די מענטשן ארום, גלײַך מ׳וואָלט דאָ, איידער ער איז אהער ארײַן, וועגן אים עפּעס שלעכטס פארטראכט און געשארפט געווער, מיט וועלכן מ׳האָט זיך צעשניטן.

ווירקלעך: ער האָט א קוק געטאָן אפן טיש און דערזען מעסערס און א שארפשטיין, וואָס, ווי ס׳ווײַזט אויס, האָט דאָ עמעצער נאָר-וואָס, פאר זײַן אָנקומען, זיי אין די הענט געהאלטן און זיי אויס-געפּארטיקט און צוגעגרייט צו א פארדעכטיקן געברויך — האָט אים געדאכט.

— ווער האָט דאָס געמאכט און ווער — געשארפט? — האָט דער לייטענאנט א פרעג געטאָן, אָנווײַזנדיק אף די מעסערס, וואָס אפן טיש.

— איך! — האָט מייער לאנדשאפט געענטפערט, און ס׳האָט זיך געפילט א הויך-צופרידנקייט אין זײַן ענטפער — אפּאָנעם דערפאר, ווײַל מיט דער מײַסע-מעסערס ציט ער אָפּ די אויפמערקזאמקייט פון דעם לייטענאנט פון צו קוקן אף דער, וועלכע איז אים געפאלן אין אויג און צו וועלכער ער האָט מיט אזא האנאָע זײַן באהאָניקטן פינגער אויסגעשטרעקט.

ס׳האָבן געדויערט עטלעכע רעגעס, ביז דער לייטענאנט האָט זיך געכאפּט, וויאזוי דאָ צו האנדלען... (אגעוו, זאָל דאָ געזאָגט ווערן צו

דער האַנדלונג, אַז דאָס אַלץ דערציילטע איז פאָרגעקומען דעמלט, ווען יענע מאכט האָט נאָך ניט באוויזן צו צעבינדן די רעכטע האנט אַפּ אויסצופירן איר פארטראכט בענעגייע צו ייִדן אין יענע געגנטן, אין וועלכע זי איז אָקאָרשט אָנגעקומען און זיי ערשט פריש געהאַט באהערשט, האלטנדיק זיך נאָך אין געוויסע, קלוימערשט, געזעצלעכע ראַמען—נישט, ווי איצט, ווען מיר שרײַבן דאָ, ווען אזא לייטענאנט וואָלט מיט אזא ווי א מייער לאַנדשאַפּט קיין לאַנגע שיִעס ניט גע־מאכט און — איינס-צוויי — אים אוועקגעלייגט קאַלט, אָן שום איבער־לייגעניש, פאַר א מינדסטן וואָרט, וואָס וואָלט אים ניט געפעלן, ווי ביכלאַל מיט א ייִדן, יאָ—שולדיק, ניט—שולדיק, מיט ווע‌מען מ׳דאַרף זיך באַגיין, ווי מיט א מאַגייפע-שטשור: אים פאַרניכטן...)

V

— פאַרנעמען! — האָט דער לייטענאַנט, באַלד ווי ער האָט זיך געכאַפּט, וואָס מ׳דאַרף דאָ טאָן, א געשריי געטאָן צו די זעלנער, וואָס זײַנען מיט אים מיטגעקומען, — פאַרנעמען אָט דעם בלוט-ייִדן, וואָס שאַרפט מעסערס אַפּ דער מאכט.

— ...אוי, ניין, — האָט זיך דאָ פלוצעם ארויסגערוקט מייער לאַנדשאַפּטס טאָכטער, וואַנדע, פון דער ריי... און ווי צניִעסדיק איר האַלטונג איז ניט געווען מיט די איר-גלײַכן, מיט די באַקאַנטע שילער, ווע‌מען זי האָט קיינמאָל ניט דערלויבט קיין פרײַ וואָרט, קיין מינדסטע אָנצוהערעניש בענעגייע זיך, ווי צום צווייטן, פרויען-מין, האָט זי אָבער דאָ, אין מאָמענט פון סאַקאָנע פאַר איר פאָטער, וועלכער איז איר, אַפּאָנעם, אַזוי טײַער געווען, ווי זי — אים, נישט ארויסברענ־גענדיק דאָס פאַר די ליפּן, נאָר טראַגנדיק אין מיידלשער אויס־באהעלטעניש, ווי דער פאָטער זײַן ליבע צו איר — אין זײַנע בליקן... ווי צניִעסדיק וואַנדעס האַלטונג איז ניט געווען ביז אהער, נישט אויסנוצנדיק אירע מעגלעכקײַטן קיינמאָל קיינעם צו געפעלן, האָט זי אָבער איצט, קומענדיק פאַרן לייטענאַנט און וועלנדיק ראַטעווען איר פאָטער פון דער צאָרע פאַר זײַן צו שטאַרקן שטעל, וואָס ער האָט זיך דערלויבט בענעגייע יענעם, דעם לייטענאַנט, — האָט זי פלוצעם, מ׳ווייסט ניט וויִאַזוי, געלאָזט אויפשפּילן אַפּ זיך יענע פּייִקײַט, וואָס איז אייגנטימלעך פאַר אַלע פרויען אין א געוויסן מאָמענט, ווען זיי האָבן ניטיק נויטיק זײַן אוּן עפּעס פּויעלן פאַרן כיין...

— אוי, ניין, הער לייטענאַנט, — האָט זי א זאָג געטאָן, דאָס ערשטע מאָל פאַר איר לעבן זיך ארויסשטעלנדיק, ווי א גרויסע, פאַר

דער מישפּאָכע, פאַרן הויזגעזינד פון איר פאָטער און מוטער. זי האָט באַקומען לויפּיק לאָשן, און האַלטנדיק איר בליק אָט אַראָפּ פון איר געוויינלעכער צניעס, ווי ווען זי פלעגט אַ'ע מאָל שטיין פאַר אַ פּרעמדן מאַנצבל, און אָט אַרוף, דאַפקע צו אָט דעם פרעמדן מאַנצבל אים געווענדט, האָט זי אַפילע מיט ערגעץ אַ געקראָגן שמייכעלע אַ זאָג געטאָן:

— אוי, ניין, הער לייטענאַנט. ס'אַ טאָעס. ס'ניט פאַר דער מאַכט קיין מעסערס. מײַן פאָטער איז ניט אַזאַ. ס'איז באַ אונדז אַ מינ מינהעג, וואָס דער פאָטער פירט אים אַלע מאָל אויס פרײַטיק אַנט־קעגן שאַבעס, און איצט, ווען איבער דער צערודערונג אין שטאָט איז אין די געשעפטן ניטאָ וואָס צו טאָן, האָט ער זיך גענומען דאָס מאַכן אינדערוואָכן, און זאָל ער זען, הער לייטענאַנט, ס'איז דאָך געוויינלעכע שטוב-מעסערס.

דערבײַ האָט וואַנדע מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגן לײַכט-לײַכט אונ־טערגעשמייכלט און ווײַטער געלאָזט אופשפּילן אין זיך יענע פייקײַט, וועלכע האָט געזאָלט מאַכן פאַרגעסן דעם, פאַר וועמען זי איז איצט אופגעטראָטן, דעם לייטענאַנט, די באַליידיקונג, וואָס ער האָט אַרײַנ־געכאַפּט פון איר פאָטער, ווען יענער האָט אים אופגעפאָדערט, ער זאָל אַוועקנעמען די הענט, מיט וועלכע ער האָט זיך דערלויבט נישט אָנשטענדיקס... זי האָט אַ גיי געטאָן צום פאָטער און זיך אַ צערט־לעכן טוליע געטאָן צו אים, קעדיי צו באַווײַזן זײַן אומשולד, פאַר וועלכן זי איז אָרעוו מיט איר נאָענטקײַט און אײַנשטעלן זיך פאַר אים, דה. פאַר דער מײַסע-מעסערס, וואָס, ווי דער הער לייטענאַנט זעט, איז דאָס אַ שפּאַס, וועגן וועלכן ס'ניט קעדײַ אַפילע אַן איבעריק וואָרט צו פאַרלירן.

וואַנדע האָט געווירקט. מ'האָט געזען, ווי אין לייטענאַנטס בליקן האָבן זיך געוויזן פײַערלעך, געמישט מיט שאָטנדלעך, בייס ער האָט געקוקט אָפּ איר צוערשט, ווען זי איז אַרויס פון דער ריי און ווען זי האָט זיך קעגן אים אַוועקגעשטעלט מיט די פאַרענטפערונגען פאַר איר פאָטער און באַזונדערס דערנאָך, ווען זי האָט אים אָפּגעפאַרענטפערט און האָט זיך אַ לאָז געטאָן צו אים מיט צערטלעכקײַט און זיך אַ לײַכטן רײַב געטאָן אין אים.

דער שיקערלעכער לייטענאַנט האָט נאָכגעגעבן, און אַ האָר איז אָפּגעגאַנגען: נאָך אַ ביסל, נאָך אַ ביסל, ווען וואַנדע זאָל געווען אין זעלבן פאַרענטפערנדיקן טאָן נאָך אַ פּאָר ווערטער זאָגן לעטויוועס דעם פאָטער, און ווען דער פאָטער, מייער לאַנדשאַפט, זאָל זיך אויך

ווייטער, שווייַגנדיק, געווען לאָזן פון איר פארטיידיקן — איז א האָר אָפּגעגאַנגען, אז דער לייטענאַנט זאָל זײַן גאָרן רויגעז פארגעסן און זײַן באפעל וועגן אַרעסטירן מייער לאַנדשאַפּט צוריקנעמען.

ס׳איז אָבער ניט אזוי געשען. ווײַל ווי נאָר וואַנדע האָט זיך צערטלדיק צום פאָטער צוגעשטעלט, און ער, דער פאָטער, האָט דערזען, מיט וואָס פארא מיטלען זי, זײַן וואַנדע, וויל דאָ דערווערבן דעם לייטענאנטס גוט־געניגטקייט און יענעמס בייז פון אים אָפּווענדן; ווי ער האָט דערזען, אַז וואָס פאַר אַן איפּן וואַנדע וויל אים אײַנקויפן, אזוי האָט ער זי א קליינעם שטויס אָפּ געטאָן פון זיך, און ווי ס׳האָט שוין געהאַלטן דערבײַ, אַז דער לייטענאַנט זאָל, אַף וואַנדעס אָרוועס און איר צוליב, איר פאָטער פון אַלערליי כשאָדים באַפרײַען און מער אים צו באַשולדיקן זיך נישט אומקערן — אזוי איז מייער לאַנדשאַפּט, אומפארשטענדלעך צוליב וואָס, פּלוצעם פון דער רייַ ארויס און קעגן לייטענאַנט זיך אוועקגעשטעלט, און נאָך פּלוצעמער און אומגעריכטער האָט ער מיטאַמאָל אַן אומזיניקן זאָג געטאָן און איבערגעכאַזערט דאָס זעלבע וואָרט, וואָס ווען דער לייטענאַנט האָט זיך פריִער צו אַלעמען געווענדט, פרעגנדיק: „ווער האָט די מעסערס געשאַרפט?“, האָט ער, מייער לאַנדשאַפּט, זיך ארויסגעשטעלט פאַר אַלע, האָט עס אַף זיך גענומען און א זאָג געטאָן: „איך!“

— איך! — האָט ער איצט נאָכאַמאָל דאָס זעלבע וואָרט איבער־געכאַזערט, ווי געוואָלט דערמאָנען, אַז ניט קיינער, נאָר טאַקע ער, מייער, האָט עס געזאָגט, און אַז ער האַלט זיך אויך איצט באַם געזאָגטן, פון וועלכן ער וויל ניט אָפּטרעטן, האָט קיין כאַראָטע ניט און נעמט ניט אָן קיינע הישטאַדלעסן, וואָס מ׳איז זיך מישטאַדל פאַר אים פאַרן לייטענאַנט, אַפילע ניט פון אָט דער, זײַן אזוי געליבטער טאָכטער, וואַנדע.

— וואָס?! — האָט דער לייטענאַנט, דערזעענדיק מייער לאַנדשאַפּטס טראָציקייט און קוקנדיק אַף אים, ווי ער וואָלט אים פּלוצעם דערזען פון דער ערד ארויסוואַקסן, אין גרויס פאַרוווּנדערונג אויסגעשריִען. ער האָט ניט געגלייבט זײַנע אויערן צו דערהערן פון דעם, וואָס האָט אָקאָרשט געקאָנט ארויס א באַפרײַטער פון זײַן צאָרע, ער זאָל זי, אָן שום סיבע, ווי דעם לייטענאַנט האָט זיך געדאַכט, ווידער דער־וועקן און ווידער זי וועלן אַף זיך נעמען. ס׳איז דאָך גלײַך, ווי איינער וואָלט מיט א געזונטן, אומשולדיקן קאָפּ געקראָכן אין א טליִע־שטריק.

— מייער! — האָט דאָ כאַנע־גיטל, זײַן ווײַב, צו אים הויך א זאָג געטאָן אין גרויס שרעק און פאַרוווּנדערונג, זעענדיק אים, איר

מאנ, דאָס ערשטע מאָל אינ זײַנ לעבנ צו באגײנ אזא אומזיניקײַט, װי אָט איצט, ארויסזאָגנדיק דאָס, װאָס קאָנ, כאָלילע, אי אימ אלײנ, אי אלעמענ ברענגענ אפנ פײַער.

— װאָס װוט דער מענטש?! — האָט זיכ אומװיליק אונ מיט גרויס פארשטעלטער אונ אויסבאהאלטענער מוירע ארויסגעכאפט א פראגע אויכ בא דעמ פאָרשטײער פונ דער קעהילע, װאָס איז די גאנצע צײַט בײַגעװענ בא אָט דער כצענע, װענ ער האָט דערהערט מײער לאנד-שאפטס טראָציק װאָרט, פונ װעלכנ ער האָט זיכ געװאָלט, װי בא-גראָבנ, זעענדיק, װי יענער, אָט דער מײער, שלעפט אלײנ דעמ אומגליק אפ זיכ, אומפארשטענדלעכ פארװאָס: ס׳האָט דאָכ שוינ, אָט-אָט, זיכ געקאָנט ענדיקנ בעשאָלעמ אונ אפנ בעסט-געװוּנטשענעמ אויפנ, װי כ׳געשעט זעלטנ אינ אזא פאל.

— װאָס װוט ער? — האָט דער קעהילע-מאנ צו זיכ אלײנ א זאָג געטאָנ, אונ בײס-מײַסע האָט ער דעמ קאָפּ אָפּגעקערעװעט פונ נישט קאָנענ קוקנ אפ מײערנ אונ אפ זײַנ אומזיניקײַט. — גאזלענ אונ מע-אבײד אצמוי לאָדאאס — זעלבסטמערדער, הײסט עס, — האָט ער שיר ניט אינ דער הײכ ארויסגעזאָגט, נישט באנעמענדיק, װאָס ס׳געשעט מיט אָט דעמ מענטש, װעלכער פארשטײט ניט אזא זאכ, אזא אלעפ-בײס, דאכט זיכ, װיאזוי מע דארפ זיכ האלטנ ביכלאל פאר א מאכט, אוביפראט פאר אזא מאכט, װענ זי איז דיכ אינ עפעס-װאָס כוי-שעד, זאָל זײַנ אפילע אינ א נארישקײַט, װאָס ס׳קאָנ דערפונ ארויס אנ ערנסט, פונ װעלכנ מע דארפ זיכ רײנװאשנ, — אונ ער, נישט נאָר ער פארענטפערט זיכ אלײנ ניט, נאָר לאָזט נאָכ דורכ אזא מעג-לעכקײַט װי די װירקונג פונ זײַנ טאָכטער, װאָס אָט-אָט האָט זי אימ געקאָנט גאָר אײנגאנצנ פונ גרוב ארויסציִענ.

אזוי האָט זיכ געדאכט דעמ קעהילע-מאנ, אזוי אויכ מײערס װײַב כאנע-גיטל אונ אזוי אויכ אלע איבעריקע פונ זײַנ הויזגעזינד, װאָס זײַנענ, קוקנדיק אפ אימ, געבליבנ געפלעפט אונ אָנ לאָשנ אינ מויל, נישט פארשטײענדיק, פארװאָס ער שלעפט אפ זיכ דעמ שלאק, װי א בעגעד, װאָס איז אימ ליב.

מײער לאנדשאפט אלײנ האָט אָבער יאָ פארשטאנענ אונ געהאט א גרונט אונ בארעכטיקונג פאר זײַנ טאט, ניט װעלנדיק דערלויבנ אפילע אפ קײנ אײנ מינוט צו לאָזנ פאלנ דעמ לײטענאנטס פארליבט אויג אפ װאנדענ, זעענדיק, װיאזוי יענער קוקט אונ באטראכט זי פונ קאָפּ ביז פוס, אונ װי אפ יעדער איר אײװער לאָזט ער פארהאלטנ זײַנ פרעכ-אופגעריסענעמ אונ טרײפ-אָפּיצערישנ בליק מיט האנאָע...

## VI

— נעמט אימ! — האָט דער לייטענאנט א געשריי געטאָנ צו די זעלנער נאָכ דעמ, ווי מייער לאנדשאפט האָט דאָס צווייטע מאָל דער-וועקט זײַנ קאעס אונ אימ, פונ גרויס אופגעבראכטקײַט, אפילע גע-מאכט פארגעסנ אינ וואנדענ, וועמענ ער האָט נאָרוואָס מיט אזא כיישעק נאָכגעקוקט אונ וואָס ווענ מע וואָלט אימ דערלויבט כאָטש א קלײנ קאפעלע-זײַנ צוגעלאָזט צו איר, וואָלט ער פונ אלערליי פארדאכטנ אונ באשולדיקונגענ זיכ אָפגעזאָגט.

— נעמט אימ! — האָט ער א זאָג געטאָנ הארב, אנטשלאָסנ, אונ נישט געקוקט שוינ מער אפ וואנדענ, טוענדיק זײַנ אָפיצערנ-פליכט— דעמ אָפענעמ סוינע, אָט דעמ ייִד, וואָס שארפט מעסערס אפ דער מאכט, פונ וועג אָפראמענ.

— טוט דאָס ניט, הער אָפיצער! — האָבנ זיכ באמ לייטענאנט גענומענ גלײַכ בעטנ, צוערשט כאנע-גיטל, דערנאָכ אויכ אירע אונ מייער לאנדשאפטס עלטערע קינדער, דערנאָכ וואנדע, וועלכע האָט א זאָג געטאָנ דעמ לייטענאנט: — מיכ, הער לייטענאנט, נעמט מיכ אָנ-שטאָט אימ!

— נעמט אימ! — האָט דער לייטענאנט צומ דריטנ מאָל באפוילנ, נישט הערנדיק אונ נישט וועלנדיק קוקנ אפ די אלע, וועלכע האָבנ אימ ארומגערינגלט מיט זייערע באקאָשעס.

מ'האָט אימ פארנומענ, מייער לאנדשאפט... וואנדע אונ אויכ די איבעריקע קינדער האָבנ אימ געפרוווט באגלייטנ אינ קאָמענדאטור, ווו מ'איז מיט אימ אוועק, האלטנדיק זיכ די גאנצע צײַט בא א זײַט אונ נישט וועלנדיק אָפשטיינ פונ אימ. אָבער אז מ'איז צוגעקומענ, וווהינ געדארפט, — צומ הויכנ, ברייטנ מויער די לענג אפ א גאנצער גאס, אונ מ'איז צו צו איינער א גלעזערנער פאראד-טיר, וועלכע איז ברייט געעפנט געוואָרנ פונ א וואכמאנ אפ אהינ ארײַנגעלאָזנ ווערנ, אונ נאָכ דעמ, ווי די קינדער זײַנענ א צײַט לאנג אָפגעשטאנענ אפנ טראָטואר, קעגנִיבער יענעמ מויער, ווארטנדיק, ער זאָל צוריק ארויס, אונ ער האָט זיכ ניט געוויזנ, האָבנ זיי זיכ מעיאעש געוועג פונ אימ צו זענ הײַנט ווידער א באפרײַטנ, אונ זיי זײַנענ אוועק טאָנ דאָס, וואָס מע טוט אינ אזוינע פאלנ: זיכ מישטאדל זײַנ, לויפנ זוכנ הילפ בא דער קעהילע אונ בא פריוואט-לײַט, בא ייִדנ, ווי בא ניט-ייִדנ, בא וועמענ נאָר מ'האָט געגלייבט די הילפ צו קאָנענ קריגנ.

א נאַרישקייט... אין פלוג, דאַכט זיך, א שפּאַס... אָבער שוין אליין דאָס, וואָס מ'האָט מייער לאַנדשאַפטן געבראַכט אין קאָמענדאַטור באַגלייט פון א באַשולדיקונג פון שטעלן זיך קעגן דער מאַכט, ערגער — פון שאַרפן מעסערס אינמיטן העלן טאָג, וואָס אזא מענטש, געוויינלעך, פאַרנעמט זיך ניט דערמיט;—אליין דאָס, און דאָס איידעס זאָגן פון דעם לייטענאַנט, וואָס האָט באַשטעטיקט, אז ווען ער האָט אים געטראָפן בא אָט דער עארכ-מעלאָכע און האָט אים א פרעג געטאָן, וואָס ער טוט, האָט יענער ניט געלייקנט, נאָר פאַרקערט, האָט גאָר טראָציק אָפּגעענטפערט, אז יאָ, אז דאָס האָט ער זיך טאַקע מיט אָט דעם באַשעפטיקט, — אָט דאָס אלץ איז גענוג געווען, מ'זאָל זיך מיט מייער לאַנדשאַפט ערנסט פאַרנעמען און מ'זאָל אים גלייך איבערגעבן אין די הענט פון א געוויסן אויספאָרשער, צו וועמען מ'האָט אים אָפּגעפירט אין א געהיים-געהאַלטענעם און פאַרוקטן צימער אין דער גרויסער, טויב-קלינגענדיקער קאָמענדאַטור-געביידע.

דער אויספאָרשער — א הויכער, אַריסטאָקראַטיש-אויסזעענדיקער פאַרשוין, מיט שטאַרק-אויסגעגריבלטע באַקן, ווי ס'זעט אויס, פון זינד-נעכט און פון פיל לעב-יאָרן, איצט א שטרענגער, א שטאַרק-שווייגנדיקער, מיט א זייטלדיקן קוק, ווי בא א האָן, און אין אויג א מאָנאָקל.

מ'קאָן ניט זאָגן, אז מ'האָט אים דאָרט שטאַרק געפייניקט, מייער לאַנדשאַפטן. נאָר אליין דער אָפּגעזונדערטער און שטאַרק-פאַרוקטער צימער אין לאַנגן, טויבן קאָרידאָר פון דער קאָמענדאַטור-געביידע, אליין דאָס שווייגנדיקע האַלטן זיך און זייטלדיקער קוק פונעם אויספאָרשער מיטן מאָנאָקל, וואָס דאָס אויג האָט אים דורך דעם אויסגעזען, ווי בא אן אַלטן, קרענקלעכן בערקוט מיט א שלעכטן געוויסן,—אליין דאָס איז גענוג געווען, אז מייער לאַנדשאַפט, א שטילער, א געלערנטער און א מעיוכעס, וואָס האָט קיינמאָל מיט קיין מעלוכע-מאַכט ניט צו טאָן געהאַט און קיינמאָל זיך ניט געטראָפן אין דער לאַגע פון צו דאַרפן זיין אויסגעפאָרשט, אוביפראַט פון אזא סאָרט אויספאָרשן, — אליין דאָס איז גענוג געווען, ער זאָל זיך גלייך פון אָנהייב אָן פילן, ווי אין איינער אן אָפּטיילונג פון געהענעם...

ער האָט, עמעס, צוערשט זיך געפּרוווט האַלטן פריי און ניט געצווונגען פאַרן אויספאָרשער, זייענדיק דאָ אליין און אויסער דער סאַקאָנע, וואָס איז אָקאָרשט אין דער היים פאָרגעשטאַנען זיין וואַנדע... ער האָט די קלוימערשטע באַשולדיקונג, וואָס מ'האָט אים אויסגעשטעלט, געהאַלטן פאַר גרינג און פאַר אזא, וואָס ס'וועט אים לייכט

זײַנ זי צעשלאָגנ און מאכנ צונישט. ער האָט, קוקנדיק פארנ אויס-פאָרשער, אויכ צוזאמענגענומענ זײַנ גאנצ ביסל קענטעניש, דערוואָרבנ אינ די ביכער, וואָס זײַנענ געשריבנ אפ יענער שפראכ, אפ וועלכער ס'האָט זיכ צו אימ געווענדט דער אויספאָרשער, דענקענדיק אי באַ-שײדנ, אי אויכ א ביסל בארימעריש זיכ א באווײַז טאָנ, אז ער, דער אויספאָרשער, זאָל, הייסט עס, זענ, אז ער האָט דאָ צו טאָנ ניט מיט אבי וועמענ, נאָר מיט א מענטש, וואָס אויסער זײַנ לאגע אלס אָנגעזעענער מענטש אינ שטאָט, פארשטייט ער נאָכ אינ די ווערק פונ א קלאָפשטאָק, א שפילהאגענ אונ שילער, וואָס דערפונ דארפ יענער, דער אויספאָרשער, בעמיילע פארשטײנ, אז אליינ דאָס האָבנ א שײַכעס אונ באהאווונט זײַנ אינ אזעלכע זאכנ איז שוינ, דאכט זיכ, א גענוגע גאראנטיע אונ קאָנ דינענ פאר א שטיק שוצ פאר אזא איינעמ, אז קיינ שלעכטע אויסטראכטעניש אונ קײנ שומ כשאד זאָל צו אימ ניט צושטײנ...

דער אויספאָרשער האָט אפ אימ געקוקט קאלט אונ גלײַכגילטיק. ער האָט אימ געלאָזט זיכ אויסריידנ אונ ווי אימ געמאכט גלייבנ, אז אלצ, וואָס ער זאָגט, מייער לאנדשאפט, נעמט ער אָנ ווי א גילטיקע אונ ווערטיקע מאטבייע — א באווײַז אפ זײַנ אומשולד, אונ אז דער לייטענאנט, וואָס האָט אימ געבראכט אהער, האָט קלוימערשט געמאכט א פעלער, כוישעד זײַענדיק א מענטש, וואָס שטייט אויסער כשאד.

דער אויספאָרשער האָט אימ אויסגעהערט, ער האָט לאנג אימ אינ מויל געקוקט אונ, שווײַגנדיק, ווי געציילט זײַנ יעדעס וואָרט, ביז א לעצטס, וואָס דאָס האָט שוינ דערלויבט מייער לאנדשאפטנ צו מיינענ, אז אָט-אָט וועט מענ זיכ אפילע פאר אימ אנטשולדיקנ, אימ הייסנ גײנ א פרײַגעלאָזטנ אונ א מענטש, וואָס האָט בעעמעס אומ-זיסט אונ אומנישט ארײַנגעטראָפנ אהינ, ווהינ ער קער נישט.

אזוי האָט ער געמיינט, אונ דאָ האָט זיכ מיטאמאָל דער אויס-פאָרשער א הייב געטאָנ פונ זײַנ בענקל, אפ וועלכנ ער איז געזעסנ, וואָס דאָס האָט געצווונגענ מייער לאנדשאפטנ,—ער ווייסט ניט פאר-וואָס — אז אויכ ער זאָל זיכ פונ אנטקעגנ יענעמ פונ זײַנ בענקל אופשטעלנ, דערפילנדיק אינ דער לעצטער מינוט, אז יענעמס אופ-הייבנ זיכ איז עפעס ניט צומ גוטנ. ווירקלעכ...

מע קאָנ ניט זאָגנ, אז אויכ איצט איז זיכ דער אויספאָרשער באגאנגענ מיט מייער לאנדשאפטנ, ווי ס'פלעגנ זיכ באגײנ אלע יענע מאכטס-אויספאָרשער, לויט דער אײַנגעשטעלטער פראקטיק. נאָכנ פאר-הער. מ'האָט אימ ניט ארײַנגעשליידערט אינ א זײַטיק צימער, ווו

געוויסע געסטאַפּאָ-לײַט זאָלן אים נעמען אין דער „ארבעט“: אים באַפּוילן ארופקריכן אפּ א טיש און זיך זעצן אפּ א בענקל, וואָס איז דאָרט געשטאַנען, און דערנאָך זאָל דאָס בענקל ארויסגעשלאָגן ווערן פון אונטער אים, ער זאָל פאַלן און רוק-און-לענד ברעכן; מ'האָט אים ניט געשלאָגן מיט קיין גומי־שטעקן; אויך ניט דערלאַנגט מיט א פויסט אין קין, צײַן ארופּ, און געצווונגען צו פאַרבײַסן דעם קאָפּ אלץ העכער, העכער, ביז אומעגלעך, ביז דער האלדז זאָל זיך אים שיר ניט איבערברעכן.

ניין, דאָס מאָל האָט דאָס דער אויספאָרשער געמאכט אליין, אָן קיינעמס הילף, אי דאָס אויך ניט אזוי הארב... ער איז נאָר שטיל, אָן ווערטער, צוגעגאנגען צו מייערן, און אזויווי יענער איז פאר אים געשטאַנען עטוואָס א פארווונדערטער און שוין אן איבערגעשראָקענער, אזוי האָט ער אים אָנגענומען מיט ביידע הענט פאר די ביידע זײַטן באָרד, און מיטאמאָל אזא האסטיקן ־ריס און צופּ געטאָן, אז באלד האָבן זיך באַם אויספאָרשער אין די הענט צוויי זשמוטעס שטארק פארקלאמערטע האָר שטעקן געטראָפּן, און בא מייער לאנדשאַפּטן ביידע באקן אויסגעפּליקט, מיט א קליינעם נישער האָר-סימאָנים אפּ זיי, ווי סטערניע נאָך שניט — מער ניט.

— גיי, — האָט דעמלט דער הויכער, אריסטאָקראַטיש-אויכזעענדיקער אויספאָרשער, מיטן בליק פון א קראַנקן בערקוט און מיט א שלעכטן געוויסן, א זאָג געטאָן צו מייער לאנדשאפט. — גיי, און דאָס האָסטו דיר פאר די מעסערס, וואָס דו האָסט געשארפט, ווי דו זאָגסט, פאר דײַנע יִדיש-פארשטונקענעם שאבעס. פארנעם זיך, און אז מ'וועט דיך דארפן, וועט מען דיך נאָך רופן, אן אָפּגעפּליקטן.

## VII

ער איז ארויס... אָבער ווער פון די היימישע און באקאנטע ס'וואָלט אים דעמלט באגעגנט, אהיים גייענדיק פון דער קאָמענדאטור, וואָלט אים זיכער ניט דערקענט: אזוי האָט ער זיך געביטן פאר דער צײַט פון זײַן אָנקומען אהין ביז זײַן צוריק ארויסגיין פון דאָרט, אי דערפון, וואָס די האָר פון באָרד זײַנען אים געמינערט געוואָרן, אי דערפון, וואָס זײַן געוויינלעכע שטילקײַט האָט זיך אפּ אזויפיל געמערט, אז מיט זײַן הויכלעכן ווקס און מיט זײַן שטילן און פאַדימיענטן שפּאַן האָט ער שוין שיר-שיך ניט געכאַפּט דעם אָנבליק פונעם באוווסטן טרויעריקן ריטער, ווי מ'מאָלט אים, דה. ווי איינער,

וואָס האָט עפּעס אינערלעך אָפּגעברענט און אַליין זעט ער אויס ווי א שטעקן-געבליבענער קוימען אף זײַן געוועזענעם בנין.

אז ער איז אהיים געקומען, האָט מען אים פארשפּאָרט פרעגן, וואָס איז געשען, מ׳האָט געזען, ניט פרעגנדיק, און מ׳האָט גלײַך פארשטאנען זײַן פארשטעלטן און נישט ארויסגעזאָגטן מיין: צו בלײַבן אַליין אין זײַן אָפּגעזונדערטן צימער, ביז דער ביזאָיען וועט איבער-גיין און ביז די האָר פון באָרד וועלן אים אָנוואקסן.

מ׳איז אים נישט נאָכגעגאנגען אין צימער, נישט קיינער פון זײַן הויזגעזינד, אויסער נאָר כאנע-גיטל זײַן ווײַב, אף אים צו דערלאנגען און באדינען, און אפילע זי, ווען זי איז צו אים ארײַן, האָט זי די ערשטע שאָען און אויך אפילע די ערשטע טעג קיין איינציק וואָרט קימאט פון אים ניט געקאָנט ארויסציִען. אפּאָנעם, אז מיטן ריס פון אויסן איז אים אויך אינערלעך עפּעס אָפּגעריסן געוואָרן. ער איז געבליבן פארשטומט. און דאָס איינציקע, וואָס האָט אים געהאלטן, געשטארקט און געטרייסט אין זײַן אָפּגעזונדערטקײַט, איז געווען, מעגלעך, נאָר דער געדאנק, וואָס מיטן נעמען אף זיך דעם ביזאָיען פון דער קאָמענדאטור און פון יענעם אויספאָרשער-פארשויבן מיט די גריבלדיקע באקן, מיט די לאנגע פיס און מיטן מאָנאָקל—מיט נעמען אף זיך דעם ביזאָיען פון פילן דעם ריס פון יענעמס הענט, האָט ער, מייער לאנדשאפט, פאָרט דאָך געראטעוועט די ערע פון זײַן קינד, פון וואנדען, ווען ס׳איז פאָרגעשטאנען אף א פיל ערגערן אופן, ווי ער, געשענדעט ווערן.

— א דאנק דעם האשעם-ייִסבאָרעך,— האָט ער געוויס געטראכט אלעמאָל, ווען כאנע-גיטל איז צו אים ארײַן און ווען ער האָט זיך גענומען בא איר דערפרעגן: וואָס הערט זיך אין שטאָט, וואָס רעדט מען, וואָס שמועסט מען, און... וואָס מאכט וואנדע? — האָט ער אלע מאָל זײַן אויספרעגן פארענדיקט, בלײַבנדיק ווײַטער אין זײַן אָרע-מיקלעט פארשפּארט, נישט וועלנדיק זיך ווײַזן פאר דער וועלט און פאר מענטשן אָן זײַן געוויינלעכן האדראס-פּאָנעם.

ס׳האָט אָבער אויך אָט די טרייסט נישט לאנג געדויערט: נישט אומזיסט איז דער לייטענאנט מיט זײַן זעלנער-טייל, מיט דעם פּאָר־שטייער פון דער קעהילע, דעמלט צו אים מיטן באזוך געקומען. מ׳האָט אין פיל יידישע הײַזער, ווי אויך אין ניט-יידישע, פיל פרויען פארעגיסטרירט, אויסגענומען פרויען, וואָס האָבן זויג-קינדער, אויס-גענומען אויך מעוברעסע, און פון מייער לאנדשאפטס שטוב האָט אין צעטל פארעגיסטרירטע ארײַנגעטראָפן וואנדע.

וויאזוי מע האָט דאָס געמאכט אונ וויאזוי מ'האָט דורכגעפירט דאָס פארנעמענ אָט די פרויענ אפ אומדערהערטער שענדלעכקייַט, איז א קאפיטל פאר זיכ, וואָס האָט אינ קיינע רישעסדיקע כראָניקעס, וואָס די וועלט ווייסט, צו זיכ קיינ גלייַכנ. וויאזוי מ'האָט אָפגעריסנ קינדער פונ היימענ, ווי מ'האָט זיי געפאקט אינ פראכט-וואגאָנעס, נאָר מיט איינ קליינ פארגראטעטע פענצטערל בא איינער א וואנט פונ אויבנ; וויפל מ'האָט אינ איינ וואגאָנ אָנגעשטאָפט; וויאזוי מ'האָט זיי אפנ וואָקזאל געזאמלט אונ נישט דערלאָזט קיינ עלטערנ, קיינ קרויווימ זיכ קומענ געזעגענענ, אונ וויאזוי די געפאקטע צוגנ מיט אָט די פארנומענע האָבנ זיכ פונ די וואָקזאלנ גערירט, אונ וויפל טרערנ, געוויינענ אונ שטילע כלאָשעסנ ס'האָבנ זיכ ארויסדערהערט פונ די אָפגעשלאָסענע וואגאָנעס דורכ די פארגראטעטע קליינע פענצטערלעכ — וועגנ דעמ רעדט מענ ניט איבעריקס, ווייַל ס'גענוג, וואָס מ'ווייסט.

מ'דארפ זיכ פאָרשטעלנ, וואָס אינ אָט די אלע הייַזער האָט זיכ אָפגעטאָנ, בייס קינדער האָבנ צומ ערשטנ מאָל טאטע-מאמעס שוועל אריבערגעטראָטנ אפ שוינ קיינמאָל זיכ ניט אומקערנ, אונ אויב יאָ זיכ אומקערנ, איז שוינ בעסער, דאכט זיכ, וואָלט מענ זיכ געווינטשנ, אז ביידע זאָלנ דאָס ניט דערלעבנ, ניט אליינ די פארנומענע אונ ניט יענע, וועמענ זיי זייַנענ אייגנ אונ טייַער געוועזנ.

מ'דארפ זיכ פאָרשטעלנ, וואָס בא מייער לאנדשאפטנ האָט זיכ געטאָנ — מיט אלע, מיט כאנע-גיטלענ, מיט די עלטערע קינדער, מיט די שוועסטער אונ ברידער, אָפגערעדט שוינ — מיט וואנדענ אליינ, אָבער מער ווי מיט אלע, מיטנ פאָטער, מיט מייער לאנדשאפט. ער, מייער, האָט די גאנצע טעג, ווענ מ'האָט וואנדענ אויסגעריכט אינ וועג (לויט דער פאראָרדענונג, האָט מענ באדארפט מיטנעמענ שיכ, קליידער אונ עסנ אפ אייניקע טעג, קלוימערשט מ'פאָרט אפ ארבעט), ווענ אינ שטוב האָט זיכ אלע מאָל דערהערט א קריי, אנ אויסגעשריי אמאָל פונ איינעמ, אמאָל פונ א צווייטנ פונ די שטוב-אייגענע, וואָס האָט היסטעריש אופגעפלאצט; — אינ די אלע טעג האָט זיכ מייער לאנדשאפט ניט געוויזנ, גלייַכ ניט קיינ היגער. אויכ ניט דעמ לעצטנ טאָג, ניט די לעצטע שאָ אונ די לעצטע מינוטנ אפילע, ווענ וואנדע האָט זיכ שוינ מיט אלע אָפגעזעגנט, באלייט פונ ווילדע קוילעס פונ דער מוטער, כאנע-גיטל, ווי אויכ פונ ברידער, שוועסטער אונ אנדערע קרויווימ, — אפילע דעמלט, ווענ וואנדע איז צומ פאָטערס אלקער צוגעקומענ אונ פונ צווישנ אלע געשרייענ אינ שטוב האָט זיכ פונ דער זייַט אלקער-טיר געהערט איר קאָל מיט א געבעט: „טאטע, עפנ,

כ׳וויל זיך מיט דיר געזעגענען",—אויך דעמלט האָט מייער לאַנדשאַפט זיך ניט אָפּגערופן, ניט געעפנט די טיר און אַפ וואנדעס האַלדז זיך ניט אַרופגעוואָרפן. ער האָט די ערשטע מינוט געשוויגן, דערנאָך האָט א זאָג געטאָן: — ניין, טאָכטער, כ׳קאָן ניט. — נישט פון אכזאָריעס, פארשטייט זיך, נאָר דערפון, וואָס קיין הארץ האָט אים ניט געקלעקט. שטייענדיק אזוי הינטער דער טיר, האָט וואנדע דעמלט, דאַכט זיך, דערהערט א געוויין, וואָס האָט זי לאַנג אין וועג באַגלייט, און אפילע שוין אפן אָרט קומענדיק, פארפאָלגט, — א געוויין פון א מאַנצביל, וואָס קלאָגט ניט נאָר אַפ זיין אייגענעם כו״בן, נאָר ווי אַפ א כורבן פון א גאַנצער וועלט.

דאָס האָט שוין וואנדע ניט איבערגעטראָגן און איז אוועק — א נישט געזעגנטע, א נישט געבענטשטע און א נישט געאַרעמטע פון איר טאַטן פארן אָפּשייד... זי האָט נאָר, אין אָוונט, אפן וואָקזאַל, ווען דער צוג איז אָפּגעפירט געוואָרן אַפ א וויַיטער ליניע, קעדייקיינער, אפילע פון די באַן-באַאַמטע, זאָל ניט זען, וויאַזוי די פארנומענע פרויען וועלן אָפּפאָרן; ווען אייניקע פון אָט די פארנומענע און פון קיינעם ניט באַלייטע האָבן זיך צוגעשטעלט אין יענעם וואַגאָן, ווו ס׳האָט זיך געפונען אויך וואנדע, צום הויכן פענצטערל, צו וועלכן זיי האָבן קוים דערלאַנגט, געזעגענענדיק זיך מיט לעצטע בליקן מיט זייער היים, פון וועלכער זיי זיינען ארויסגעריסן געוואָרן,— אָט דעמלט האָט אויך וואנדע, צווישן אַנדערע, דעם קאָפּ צום פענצטערל געשטרעקט... זי האָט קיינעם דעמלט אין זינען ניט געהאַט, אפילע ניט די מוטער, וואָס אירע לעצטע ליב-קושונגען האָט זי נאָך געפילט אַפ איר קאָפּטל, נאָענט לעבן דער ברוסט, ווען יענע האָט בייסן געזעגענען אין איר ברוסט ארייַנגעוויינט און לאַנג דאָרט דעם קאָפּ באַגראָבן געהאַלטן, נישט קאָנענדיק זיך פון איר אָפּרייַסן, — ניין, נישט די מוטער, ניט קיינעם האָט זי געהאַט אין זין, נאָר געדענקט האָט זי בלויז דעם פאָטער, פאָרשטעלנדיק זיך, וויאַזוי ער שטייט הינטער דער פארשלאָסענער טיר, הערט איר געבעט, דאָס געבעט פון זיין אזוי-געליבטער מעזינקע, וואנדע, און וויאַזוי ס׳קלעקט אים קיין הארץ ניט די טיר צו עפענען, ארויסגיין און אַפ איר כאָטש א קוק טאָן פארן אָפּגיין.

——— ✶✦✶ ———

# אינהאלט

